א. קאַרפּינאָוויטש

# בײַם ווילנער דורכהויף



פֿאַרלאַג
י. ל. פּרץ
ישׂראל

תשכ״ז — 1967

**A. KARPINOWITZ**

**BAIM WILNER DURCHOIF**

I.L. Peretz Publishing House
31, Allenby str., Tel-Aviv

א. קארפינאָוויטש / ביים ווילנער דורכהויף

פאַרלאַג י. ל. פרץ, רח׳ אלנבי 31, תל־אביב.

צייכענונגען: יאָסל בערגנער

דאָס בוך איז דערשינען מיט דער מיטהילף פון עליזאַבעט און ווילי שאַר־פאַנד ביים יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל.



נדפס בישראל תשכ״ז
Printed in Israel 1967

דפוס „אורלי״, תל־אביב, טל. 32062

מיין טאַטן, דעם ווילנער טעאַטער־דירעקטאָר
מ ש ה   ק אַ ר פּ י נ אָ װ י ט ש
מיין מאַמען ר ח ל
און מיין שוועסטער, דער אַקטריסע
ד ב ו ר ה   װ ײ נ ע ר
ל ז כ ר
זיי ליגן אויף פּאָנאַר.



...יאָסינקע, דער געקידנעפּטער, האָט אַרויסגעקוקט דורכן פּענצטער
צו דער ווייסער וועלט

# ניט פֿאַר ווילנע

נאָכן לעצטן דורכפֿאַל מיט געשמוגלטן טאַבאַק פֿון ליטע, איז זעליק בעל־טובה געזעסן אַ לאַנגע צייט אָן אַרבעט. ס׳איז ניט געווען פֿאַר וואָס זיך צו נעמען ווייטער. אָרקע דער הונדערטער, דער אייביקער שונא, האָט אַלץ פֿאַרכאַפּט אין זיין האַנט און ניט צוגעלאָזט קיינעם פֿאַרדינען אַ גראָשן. ווו מ׳זאָל זיך ניט האָבן געגעבן אַ דריי, זענען געווען זיינע מענטשן. אין בוינע האָט געקיניגט עלינקע דער הויכער, אויפֿן האָלצמאַרק זענען די „וועווערקעס״ געווען גאַנצע גענערעלער. טאָמער האָט זעליק געשיקט דעם ייִנגערן זון, חיימען, אין די טאַרטאַקן, כּדי צו רעדן מיט די באַלעבאַטים וועגן פֿאַרזיכערן די פּליטן אויף דער ווילִיע, מ׳זאָל ניט גנבֿענען פֿון דאָרט קיין קלעצער, איז שיער ניט געקומען צו קיין רציחה. וועלוול שרהלעס, ווידער אָרקעס אַ מענטש, האָט עס שוין לאַנג געהאַט פֿאַרזיכערט פֿאַר זייער אַ שיינעם פּאַדאַטעק.

זעליק איז געזעסן אין זיין וווינונג אויף גלעזער־גאַס און געקייט אַ וואָנצע. פֿון דער ווייבס פּרנסות איז זייער שווער צו לעבן. זי האָט אויסגעשטעלט אין פֿאָדערשטן צימער טישלעך און אָנגעהויבן פֿאַרקויפֿן געפּילטע קישקע אויפֿן מעטער, צו אַלע גוטע ברידער; אָבער איז דאָס אַן עסק צו באַדינען מישקע נאַפּאָלעאָן, צי הירשקע די האַלבע חלה?

דער ווינטער האָט אָנגעפּעלצט ווילנע מיט אַ דיקן, פּוכיקן שניי. זעליק רייבט אָפּ מיטן גראָבן נאָגל דעם אייזיקן נאַליאָט אויפֿן פֿענצטערשויב און קוקט אַרויס אין דרויסן, אַקעגנאיבער דער קוזשניע. ער קוקט מיט אַ האַלב־פֿאַרזשמורעט אויג אויף די פֿונקען, וואָס פֿליען אַראָפּ אין שניי נאָך יעדן קלאַפּ פֿונעם האַמער, און די מחשבֿות זיינע לעשן זיך צוזאַמען מיט די פֿונקען, נאָכן אָפּפֿליען אַ שטיקל מרחק, צו זיינע ייִנגערע יאָרן; אַמאָל האָט עס גאָר אַנדערש אויסגעזען. ס׳איז גענוג געווען זיינער אַ ברום, אַז גאַנץ בונימאָוויטשעס וועטקע זאָל אויפֿציטערן; און איצט? אַך־און־ווי צו אַלע שטאַרקע, אַז אָרקע מיט די בנים זענען

געוואָרן באַלעבאַטים אויף ווילנע. נו, מילא, מסתמא וויל דאָך גאָט אַזוי, ווייל ווי קאָן עס זיין אַנדערש?

זעליק קייט שטאַרקער די וואָנצע און גיט זיך איבער, מכלומרשט, אין גאָטס שטראָפנדיקער האַנט; אָבער אינעווייניק שרייט אַרויס פון אים די עוולה; ווייל ווען ער, זעליק, איז שוין געווען אַ כוח־גייער מיט אַ פירמע, האָט דאָך נאָך אָרקע געשלעפּט פון די קאָשיקעס אויפן זאַרע־טשער פישמאַרק...

דער שמיד האָט שוין לאַנג געהאַט אָפּגעלייגט די צוואַנג מיטן האַמער, און זעליק איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביים פענצטער און געטראַכט צו וואָס זיך נעמען ווייטער; ווייל דאָ גייט שוין ניט וועגן פּרנסה, נאָר פשוט צו באַווייזן ווער עלטער איז. ס'איז דאָך אַ מיאוסע זאַך פאַר לייטן. יענער ברענט אַ וועלט און דו זיצסט אין שטוב און וואַרטסט ס'זאָל קומען עפּעס אַ יאָלד און געבן צו לייזן פאַר אַ האַלבן ליטער בראַנפן.

זעליק איז אַזוי ווייט פאַרקראַכן אין זיין אומעט, אַז ער האָט אַפילו ניט באַמערקט ווי עמעץ איז אַריין אין שטוב. אַ ברייטער גוט־מאָרגן גלייך פון דער טיר, האָט אים אָפּגעריסן פון דער ווייסער, שנייַיקער מרה־שחורה. ס'איז געקומען לייבע די פאַנטע. לייבע האָט זיך נוהג געווען פון צייט צו צייט אַריינכאַפּן זיך צו זעליקן און פאַרצערן אַ פּאָר מעטער קישקע. לייבע איז געווען אַ הויזן־נייער. ער האָט קיינמאָל ניט געהערט צום פונאַנדערגעלאָזטן פאַראיין פון די שטאַרקע „די גאָלדענע פאַן", נאָר רייבן זיך אַרום דער בראַנזשע איז געווען זיין חיות. מחמת ער האָט געקאָנט זיך ווייזן צוזאַמען מיט אָווערמקע דעם אַנאַרכיסט אויף דייטשע גאַס, און קיין בילעטיאָר אין יידישן טעאַטער האָט ניט געהאַט די העזה צו פרעגן ביי אים אויף אַ בילעט.

זעליק האָט שוין געוואָלט אַריינשרייען אין דער קיך צו דער טאָכטער טייבקע, אַז ס'איז געקומען אַ גאַסט, נאָר לייבע האָט אים אָפּגעהאַלטן. ער איז היינט ניט געקומען עסן קישקע. ער איז געקומען פּאָ דיעלו. אָן אַנדערער אויף זעליקס פּלאַץ וואָלט זיך גלייך געגעבן אַ פרעג, וואָס קאָן לייבע האָבן פאַר אַ געשעפטן חוץ נייען הויזן? אָבער אים, דעם לאַנגיאָריקן גבאי פון דער שול אין לוקישקער טורמע, האָט שוין גאָרניט געקאָנט איבערראַשן. געקומען פּאָ דיעלו? זעץ זיך, לאָמען

הערן. לייבע האָט צוגעגייגט זיין שאַרפן פּראָפיל צו זעליקס רעכטן אויער און אים אָנגעהויבן אַרויסלייגן ס׳געשעפט: פון אַמעריקע איז געקומען צו פאָרן כאַנע. — כאַנע איז געקומען צוריק פון אַמעריקע? — יאָ, רב זעליק, ער איז געקומען צו פאָרן. כ׳האָב אים אַליין געמאַכט ברייטער די הויזן. ער איז געקומען צו קרובים אויף שניפּעשיק אין אַ פּאָר אַמעריקאַנער שמאָלע דודקעס — ס׳איז געווען אַ מיאוסע זאַך אַרויסצוגיין אויפן גאַס. הקיצור, אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט — ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז אָפּגעזעסן אַ ווירעק פון צען יאָר אין סינג־סינג און נאָכן אָפּקוועטשן דעם סראָק האָט מען אים אַרויסגעטריבן פון אַמעריקע. ער האָט זיך זייער נאָכגעפרעגט אויף אייך, ער וויל אייך זען, נאָר אַזוי ווי ער איז אַ געמעטשעטער און די שמעקער פון דריטן קאָמיסאַריאַט גייען אים נאָך די פוסטריט, ווייס ער ניט, צי ער קאָן קומען צו אייך, און דערפאַר האָט ער מיך געשיקט פרעגן.

זעליק שמייכלט אַריין צו זיך אין דער וואָנצע, און שאָקלט מיטן גרויסן נאַקעטן שאַרבן — כ׳האָב נאָך דעמאָלט געהאַט אַלע האָר אויפן קאָפּ — לויפט אים דורך אַ געדאַנק. כאַנע איז טאַקע דעמאָלט אַוועק קיין אַמעריקע מיט זיין חלק פונעם רויב בעתן אָנפאַל אויפן בעזדאַנער פּאָסטוואַגאָן. געווען אַמאָל אַ צייט... וואָס ווייסן זיי, די איצטיקע צוציקעס? זעליק קוקט אויף לייבען ווי אַ בולדאָג אויף אַ פליג און דאָס איבעריקע, וואָס יענער דערציילט, ווערט פאַרפאַלן אין זיין גרויסן, פינצטערן אויער. — גוט, גוט, זאָל ער קומען, ער דאַרף ניט מורא האָבן, די שטוב איז כשר...

אין אָוונט איז כאַנע געזעסן מיט זעליקן ביי צוויי טייגלעזער בראָנפן און דערציילט די ניסים פון אַמעריקע. אויף אַ סך זאַכן האָט זעליק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אויף אַנדערע האָט ער זיך אַ ביסל געקרימט. אין אַלגעמיין איז אים אַמעריקע גאַנץ געפעלן געוואָרן; אָבער ווען כאַנע האָט אַרויסגעלייגט אויפן טיש אַ פּלאַן וועגן אַ שפּאָגל־ניי געשעפט, וואָס זינט ווילנע איז אַ שטאָט, האָט מען נאָך אַזוינס ניט געהערט, איז זעליק געבליבן זיצן אַ פריטשמעליעטער אויפן בענקל. אפשר אַ מאָל צען האָט אים כאַנע געמוזט איבערחזרן ווי דאָס געשעפט הייסט אין אַמעריקע. זעליק האָט ניט אַזוי צעקייט דאָס פרעמדע וואָרט ווי דאָס גאַנצע געשעפט, וואָס האָט זיך עפּעס ניט פּאַמיעשטשעט אין זיין קאַלן קירבעס־קאָפּ.

— כאַנע, דו האָסט ניט קיין טעות? מען מאַכט אין אַמעריקע געלט פון אַזעלכע זאַכן?

— פון קידנעפּן? לייטן ווערן נתעשר...

ס'האָט זייער לאַנג געדויערט ביז וואַנעט כאַנע האָט אַ ביסל דערוואָרעמט זיין אַלטן חבר צו אָט די ביזנעס, כאָטש דער אויוון אין שטוב האָט געטרעסטשעט פון היץ. דאַכט זיך אַלץ איז געווען גוט און פיין, און דאָך איז עס פאָרט ניט דאָס... אַ מעשה מיט קינדער — מען דאַרף עס נעמען, מען דאַרף עס ברענגען — אַ גאַנצע וואַלאָקיטע... אַ גוט געשעפט איז ווי אַ וויראָק — וואָס קירצער אַלץ בעסער... און דאָ דאַרף מען שרייבן, מעקן, וואַרטן אויף געלט... ניט קיין עסק...

אָבער ווען כאַנע האָט זיך אויפגעהויבן נאָך האַלבער נאַכט אַ צעפּאַרעטער און געזאָגט זעליקן, אַז ער וועט גיין פּרוּוון מזל מיט אָרקע דעם הונדערטער, האָט עס זעליקן געגעבן אַ ברי. מ'האָט זיך צוריק אָוועקגעזעצט און כאַנע האָט מיט נייער התלהבות אָנגעהויבן אַריינפירן זיין קאָנסערוואַטיוון פריינד אין דער בראַנזשע. זעליק האָט געהאַט אַ סך אויסצושטעלן קעגן כאַנעס רייד, אָבער וואָס קאָן מען מאַכן, אַז גאָט האָט געגעבן אַזאַ פּרנסה?... און טאָמער גיט זיך דאָס עסק טאַקע איין? אַז דער רבונו של עולם וויל, קאָן אַלץ געשען...

מען האָט נאָך אַ מאָל אויסגעטרונקען לחיים און זעליק האָט צוגעקוועטשט כאַנעס האַנט אויף תקיעת־כף. דאָס געשעפט איז געוואָרן געמאַכט.

*

זעליק האָט זיך גענומען פעסט צו דער אַרבעט. צום אַלעם ערשטן האָט ער אויסגערופן אַ סכאָדקע, אין וועלכער ס'האָבן אָנטייל גענומען — איצקע דער געלער מיט זיין ווייב אסתרקע אין די ברילן, אלימלך דער חכם און שמעון דער איזוואָזשטשיק. זיי אַלע האָבן אויסגערעכנט: אויב זעליק גייט אין געשעפט, איז וואָס זאָלן מיר אָפּשטיין? מען האָט זיך זייער לאַנג געעצהט וועמענס קינד פון די ווילנער גבירים מ'זאָל פאַרכאַפּן. געווײנלעך האָבן זיך אַלע אַ וואָרף געטאָן אויפן באַנקיר בונימאָוויטש, אָבער גלייך האָט מען זיך דערמאָנט, אַז בונימאָוויטשעס טאָכטער, אַ מיידל אין די יאָרן, קאָן אויפהייבן אַזאַ גוואַלד, אַז האַלב־

ווילנע זאָל זיך אויפלויפן. איז מען אַריבער צו טראָצקין פון אָלעיאַרניע און מען האָט ביי אים אויך ניט געפונען קיין פּאַסיק קינד. מ׳האָט אין יענער סכאָדקע איבערגעטרייסלט ווי נאָר אַ ווילנער גביר און ניט געקאָנט קומען צו קיין באַשלוס, ביז שמעון האָט זיך דערמאָנט, אַז ביי לייבאָוויטשן פון גאַרבאַרניע איז דאָ אַ יינגל, אַ גאָלד, פון אַ יאָר זיבן, אַכט. פון וואַנעט וויס ער? ער האָט זיי אַ מאָל געפירט מיט זיין דראָזשקע אויף דאַטשע קיין וואָלאָקומפּיע, האָט דאָס יינגל געוואָלט זיצן מיט אים דווקא אויף דער קעלניע און אָנטרייבן.

נו, אַז ס׳איז שוין געוועזן וועמען צו קידנעפּן איז שוין דאָס איבעריקע צוגעגאַנגען לייכטער. זעליק האָט אַזוי צעטיילט די ראָלן; שמעון וועט צופאָרן צום קלאָס ווו דאָס יינגל לערנט זיך, טשאַטעווען ווען ער גייט אַרויס פון דאָרט און פרעגן אים, צי ער וויל זיך אַ ביסל קאַטייען אין שליטן. און וועלכער יינגל וויל דאָס ניט? אַז דער קליינער וועט זיצן אין שליטן, זאָל שמעון אים אַוועקפירן צו אסתרקען אין שטוב, אויף נאָווגאָראָד, הינטער דער בוינע. און דאָרט זאָל ער זיין ביז מ׳וועט באַקומען פון טאַטן דאָס געלט. איצקע דער געלער וועט גיין איבערן שטאָט הערן ווי און וואָס און ווען. אלימלך דער חכם, וואָס קאָן שרייבן מיט דער לינקער האַנט, וועט שיקן אַ בריוו צו לייבאָוויטשן, אַז ער זאָל אַוועקלייגן צען טויזנט קאַרבאָוואַנצעס אין דעם אוהל פון גר־צדק, אויפן אַלטן בית־עולם, וועט מען אים אָפּגעבן דאָס יינגל, און אויב ניט...

אַז אסתרקע האָט דערהערט, וואָס מען וויל שרייבן נאָך דעם „אויב ניט", האָט זי פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און זיך געכאַפּט פאַרן האַרץ. זי האָט שיער די ברילן ניט צעבראָכן. אַז זי איז געקומען אַ ביסל צו זיך האָט זי געגעבן אַ נעם דעם מאַן פאַרן האַנט און אים אָנגעהויבן שלעפּן צו דער טיר. נאָך אַ רגע וואָלט גאָרניט געוואָרן פון דעם גאַנצן עסק. כאָנע האָט זיך זייער אויפגערעגט, ער האָט געשריען, אַז אין אַמעריקע איז דאָס ווי אויפעסן אַ בייגל, אָבער ס׳האָט אים גאָרניט געהאָלפן. אסתרקע האָט אים געטיקעט מיטן פינגער פאַרן נאָז: דאָ איז ניט אַמעריקע, דאָ איז ווילנע! צום סוף האָט מען זיך אויסגעגלייכט, וואָס שייך דעם נוסח: אלימלך וועט ענדיקן דעם בריוו מיט אַ סך פּינטעלעך, און די פּינטעלעך וועלן שוין זאָגן אַלץ וואָס מען באַדאַרף... דערנאָך האָט מען באַשטימט

### א. קאַרפּינאָוויטש

אַ מזלדיקן טאָג, נאָך שבת דינסטיק, אָנגעווינטשעוועט איינער דעם אַנדערן אַלדאָס גוטס, און אָוועק צעהיצטע, ווי נאָך אַ תנאים, יעדער אין זיין שטוב.

*

ווילנע איז געגאַנגען אויף רעדלעך. עפּעס אַ קליינִיקייט, צוגעגנבעט לייבאָוויטשעס יינגל, און מען פאָדערט פאַר אים צען טויזנט קאַרבאָוואָנצעס אויסלייזגעלט. לייבאָוויטש אַליין האָט עס קוים משיג געווען. אַפילו דער קאָמיסאַר פון דריטן קאָמיסאַריאַט איז שיער ניט משוגע געוואָרן. ער איז שוין געווען געוווינט צו זיינע היימישע בענצוואַלעס, מאַרעווי־כערס, אָבער דאָס שמעקט דאָך עפּעס מיט זאַגראַניצע!... לייבאָוויטש איז אַרומגעגאַנגען מיטן בריוו אין האַנט און געשריען, אַז ניט אַזוי די פיר טעג סראָק, וואָס די כאַלוּיעס האָבן אים געגעבן, ווי די פינטעלעך... די פינטעלעך וועלן אים לייגן אין דר׳ערד אַריין... דער קאָמיסאַר אַליין האָט אויך גוט געציטערט, נאָר פון דעסטוועגן האָט ער זיך געמאַכט קוראַזש, געזאָגט לייבאָוויטשן, ער זאָל גיין אַהיים בארויקן דאָס ווייב. ביז שבת איז נאָך גענוג צייט, און ביז שבת, האָפט ער, וועלן שוין אַלע בענצוואַלעס, אַ הונט איז זייער טאַטע, הענגען ביי אים אויף איין שטריק.

דערווייל איז יאַסינקע, לייבאָוויטשעס בכור, געזעסן ביי אסתרקען אין שטיבל און זיך געשפּילט מיט דער אויסגעקראָכענער קאַץ. איצקע דער געלער איז אַרומגעגאַנגען איבערן האָלצמאַרק, לעבן גרויסן זייגער אויף רודניצקער גאַס, אין שטראַלס ביליאַרדאָווע און זיך צוגעהערט וואָס לייטן רעדן. דערביי האָט אים אסתרקע אָנגעזאָגט, ער זאָל קויפן פאַר יאַסינקען קאַקאַאָ, ווייל ס׳איז אַ גביריש קינד און איז, מן הסתם, אַנדערש ניט צוגעוווינט. איצקע האָט זיך געוואָרפן און געשליידערט — ער וועט ניט גיין לייגן די לעבעדיקע אויף די טויטע, ער האָט נאָך דערווייל ניט אָנגעזען קיין גראָשן פונעם געשעפט; אָבער אסתרקען איז ניט געווען אַזוי לייכט איבערצושפאַרן. זי האָט אים אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט ער זאָל ניט קומען אין שטוב אָן אַ קינדערשער פּידזשאַמע, ווייל דער געקידנעפּטער קאָן זיך נאָך, חלילה, צוקילן...

אסתרקע האָט פאַרלאָזט אַלע געשעפטן, זי איז ניט אַרויס פון שטוב אַפילו דעמאָלט, ווען איצקע האָט איר דערציילט, אַז ביי בצלאל

נאָזן אין שניטקראָם שטייען יידענעס אויף קעפּ און רייסן זיך איבער רעשטלעך מציאות. אסתרקע האָט געקאָנט ביי אַזאַ אויספאַרקויף בלויז אין בוזעם פאַררוקן פאַר אַ פּופּציקער סחורה, אָבער זי האָט זיך גאָר געפּאָרעט אַ גאַנצן טאָג ביים אויוון מיט מאַכן פיינקוכנס, ווייצענע לאַטקעס און פאַרשיידענע אַנדערע מאכלים פאַרן פאַרכאַפּטן. זי האָט געקוקט אויף די האַלב־אָנגערירטע מאכלים און זיך זייער געקלעמט — דאָס קינד עסט ניט. וואָס זי האָט זיך ניט צעבעטן: יאָסינקע, אַ געזונט אין דיין קעפּעלע, עס עפּעס — האָט עס ניט געהאָלפן. צו איר גרויסן ווונדער האָט יאָסינקע אַליין, אין אָוונט, געבעטן עסן און נאָר וואָס דער „דזיאַדזיע" עסט. דער דזיאַדזיע איצקע איז געזעסן ביים טיש און געשניטן שטיקער פון אַ גרויסן, פּירקאַנטיקן רעטשישניק. — נאַ דיר די גבירים — האָט אסתרקע געבורטשעט — גיב זיי גאָר רעטשישניק...

*

אָט איז שוין פּרייטיק און דאָס געשעפט האָט זיך נאָך ניט גערירט פון אָרט. לייבאָוויטש, ווי אַ געניטער סוחר, האָט געפּרוווט געווינען צייט, און אַנשטאָט געבן צו וויסן דורך שטיין צוויי אַזייגער אויפן ראָג העטמאַנסקע מיט אַן „אָוונט־קוריער" אין האַנט, אַז ער איז גרייט צו פאַרענדיקן ס׳מסחר, איז ער גאָר געזעסן ביים קאָמיסאַר און געקוקט יענעם אין מויל אַריין. דער קאָמיסאַר האָט זיך איינגעשפּאַרט מיט די הינטערשטע פיס: ניט געבן, די כאַלויעס וועלן נאָך דעם קריכן אויפן קאָפּ; אָבער גיי גיב צו פאַרשטיין אַ גוי, וואָס עס מיינט אַ קינד ביי יידן...

אויף דייטשע און רודניצקער האָבן זיך שוין באַלד פאַרמאַכט אַלע געשעפטן לכבוד שבת, און לייבאָוויטש מיטן קאָמיסאַר זענען נאָך געזעסן און געוואַרט — אפשר קומט די ישועה, אפשר האָבן זיינע שמעקער געפונען אַ שפור; אָבער זיי זענען אומזיסט געזעסן. מאַיעווסקי דער געהיים־אַגענט איז אַריינגעפאַלן אָוונטצייט און געמאָלדן, אַז ער האָט גאָרניט געפונען; ער מוז נאָך היינטיקע נאַכט איבערדרייען גאַנץ נאָוואָסטרויקע, ווייל נאָר דאָרטן קאָן מען באַהאַלטן אַזוי אַ גניבה, ווי אין וואַסער אַריין. מען האָט באַשלאָסן איבערצוואַרטן דעם לעצטן טאָג, ביז אויף מאָרגן, צו הבדלה.

אסתרקע איז געבליבן אַליין מיטן ערובניק. איצקע איז אַוועק צוהיטן דאָס געשעפט, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אויף ראָג סאַדאָווע. פּרייטיק צונאַכטס איז דאָרט תמיד געווען אַן עולם. אויסער די צוויי שיקסעס, וואָס האָבן דאָרט אויפגענומען געסט, גלייך פון וואָקזאַל, פלעגן נאָך אין די פרייטיק־צונאַכטסן קומען אייגענע מענטשן שפּילן אַ „ניינטן וואַל".

יאָסינקע, דער געקידנעפּטער, איז אַרויפגעקראָכן אויף דער צעראַ־טענער קאַנאַפּע, זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קני און אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער צו דער וויסער וועלט. דאָס שטיבל איז געשטאַנען ווייטלעך פון לייטישע אויגן, כמעט אויפן הוילן פעלד. יאָסינקע האָט נאָך קיין מאָל ניט געזען אויף איין מאָל אַזאַ גרויס שטיק באַשאַף, פאַרשאָטן מיט אַ בלוילעך־פאַרצוקערטער ווייסקייט, וואָס בלינצלט צו דער רונדער, אויסגעקעכלטער לבנה. ער האָט אונטערגעשפּאַרט מיט צוויי פויסטלעך דעם אונטערקין, און זיך פאַרגאַפּט אויף דעם טונקל־גראַנאַטענעם כאַמעט, וואָס האָט זיך געפאַלדעוועט צו דער ערד ווייט, ווייט ביים ברעג הימל. יאָסינקע האָט זיך דערמאָנט אַן דער מאַמעס שבתדיק קלייד, אָבער אַזוי ווי מען האָט אים געלערנט אין דער היים, אַז צווישן פרעמדע מענטשן איז ניט שיין צו וויינען, איז ער געבליבן אַזוי זיצן מיט פאַרדריקטע פויסטלעך, ווי ער וואָלט דאָרט צוגעהאַלטן זיין קינדערש הערצל, און ניט אויסגעגעבן אסתרקען זיין אָבידע. מיט אַ מאָל האָט די שויב אויפגעפלאַמט אויף אַ רגע. יאָסינקע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אסתרקע האָט אָנגעצונדן צוויי שבת־ליכט אין הויכע, מעשענע לייכטער.

— גוט שבת, יאָסינקע...

דער געקידנעפּטער זיצט אויף דער קאַנאַפּע, קוקט אויף אסתרקען און צוויי גרויסע טרערן, ווי די בריליאַנטן, לייכטן אין זיינע אויגן.

— יאָסינקע, דו וויינסט ?

יאָסינקע ציט מיטן נעזל און ענטפערט ניט.

— יאָסינקע, דו וויינסט ? זאָג מיר, מיין קינד.

— איך וויין ניט, כ'האָב זיך נאָר דערמאָנט די מאַמען. מסתמא בענטשט זי איצט אויך ליכט...

דורך אסתרקעס פאַרוואָלקנטער נשמה האָט זיך דורכגעשפּאַרט אַ

ווארעמער שטראַל — אָט איז זי גאָר ניט ערגער פון זיין מאַמען, זי בענטשט אויך ליכט. זי איז גלייך מיט אַלע, ניט סתם דאָרט עפּעס אַ...

זי וואַרפט אַ בליק אויף די לייכטער, אויף די געלע פלעמלעך, און די דאָזיקע פלעמלעך צעשמעלצן אין איר אַזוי פיל אָנגעזאַמלטענעם האַס צו דער ריינערער וועלט, וואָס האָט פאַרהאַקט פאַר איר אירע טויערן. און יאָסינקע, דער פאַרכאַפּטער פון אָט דער וועלט, זיצט אַקעגנאיבער אויף דער קאַנאַפּע און נעמט ניט אַראָפּ פון איר זיינע קלאָרע, צוטרוילעכע אויגעלעך. שוין יאָרן, ווי קיינער האָט ניט געקוקט אויף איר אַזוי — אָן אַ פאַרזשמורען אייג אויג, אָן אַ ממזרישן ווונק, אָן אַ גנבישן קנייטש מיטן ברעם. אַ קוק אַזאַ, וואָס דערמאָנט דיר, אַז דו ביסט אויך אַ שטיקל מענטש. אסתרקע טוט אויס די ברילן, ווישט דעם טוי פון די גלעזלעך, און ביי יעדער מאָל איבערציען דאָס געשליף מיטן נאָז־טיכל ווערט קלערער און קלערער ביי איר אין קאָפּ, אַז זי מוז עפּעס אויפטאָן אַזוינס, וואָס זאָל ווערט זיין יאָסעלעס קוק. נעכטן האָט זי אונטערגעהערט ווי די שותפים האָבן זיך געשושקעט, וואָס מען וועט דאַרפן טאָן מיטן ערובניק אויב, חלילה, לייבאָוויטש וועט ניט אַוועקלייגן ס׳געלט. כאַנע וועט זיך ניט אָפּשטעלן פאַר קיין שום זאַך. ער שרייט, אַז אין אַמעריקע מאַכט מען דאָס זעלבע. וואָס ווילנע וועט זאָגן אויף אירע בלאַטע וועט זי זיין געזעכט...

...און אַז זי האָט אָנגעטאָן צוריק די אויסגעווישטע ברילן, האָט זי אין דער ערשטער רגע דערזען זיך אַליין אַ צעממיתטע פון קלעפּ און פון די אויסגעהאַקטע ברילן־גלעזלעך, צעבלוטיקט און פאַרשמירט מיט גאַנץ נאָוואָראָדער בלאָטע. אסתרקע האָט אין איר דמיון געשטעלט נאָך אַ טראָט און ממש דערפילט כאַנעס פעדער־מעסער אונטער דער לינקער לאָפּאַטקע; אָבער אָט די וואַקלעניש איז צערונען געוואָרן ביי איר בעתן באַגעגענען זיך צוריק מיט יאָסעלעס אויגעלעך. אויסגעוואַשענע פון טרערן, האָבן זיי געקוקט אויף אסתרקען דורך מענטשלעכער פאַר־טרויונג.

— יאָסעלע, גיב איכ׳ל דיר אָנטאָן דאָס מאַנטעלע.

— צוליב וואָס? אין שטוב איז דאָך וואַרעם.

— אָבער מירן ניט זיצן אין שטוב, מירן איצטער גיין אַ שטיק וועג.

— וווּ וועלן מיר גיין?

— וועסט זיין אַ גוט קינד, האַ? איכל דיר פאַרבינדן די אויגעלעך מיטן שאַליקל, איכל דיר נעמען אויפן האַנט, און מיר וועלן גיין אין שטאָט. דאָרטן וועל איך דיר אַראָפּלאָזן און ווער ס'וועט ניט פאַרבייגיין, זאָלסטו אים זאָגן ווער דו ביסט, וועט מען דיר אָפּפירן אַהיים, צו דער מאַמען, גוט? אָבער איך בעט דיר, זיי אַ גוט ייִנגעלע, האָב ניט קיין מורא און וויין ניט אויפן וועג, ווייל אויב דו וועסט וויינען, וועלן צוקומען מענטשן, און זיי וועלן שרייען אויף מיר. דו ווילסט דאָך ניט מען זאָל שרייען אויף מיר, ניט אמת?

— ניין, איך וויל ניט. איר זייט אַ גוטע, ווי מיין מומע ריווע.

— הער, אַ קינד — ווי די מומע ריווע... אסתרקע האָט אים אויפגעהויבן צו זיך אויף די הענט. יאָסינקע האָט אַוועקגעלייגט דאָס קעפּל ביי איר אויפן אַקסל. דעם גאַנצן וועג, פון אַרויף נאָוואָגראָד ביזן האַלצמאַרק, האָט זי געפילט זיין פּייכטן, וואַרעמען אָטעם אויף איר האַלדז, און ס'איז איר ניט שווער געווען די משא.

*

אויף נאָוואָגראָד האָט עס געהייסן, אַז איצקע דער גלעזער האָט אַזוי צעהרגעט זיין וויב, ווייל זי האָט אַרויסגעטריבן פון געשעפט זאַשקען די גרויסע קאָפּ, אַ שיקסע, וואָס איצקע האָט צו איר געהאַט אַ שטיקל שוואַכקייט. כאַנע האָט זיך געוואָרפן און געשליידערט. ער האָט געשריען, אַז ס'איז נאָך ווייניק — מ'דאַרף איר אַרויסלאָזן די געדערעם, און אַן עק זאָל עס נעמען. אַזוי פיל געלט פאַרלאָרן. דער ייד וואָלט זיך אַוועקגעלייגט אויפן בענקל ווי אַ טאַטע, קומט אַזאַ לאַכודרע און פּטרט אַלץ אַוועק. ווען דאָס טרעפט אין אַמעריקע — נו...

זעליק האָט באַפוילן זיך צעגיין — יעדער אין זיין ווינקל, אָפּווישן די ליפּן און ס'איז קיין זאַך ניט געווען, איינער קאָן ניט דעם אַנדערן.

דעם לעצטן אָוונט, איידער כאַנע האָט געדאַרפט עוקר זיין פון ווילנע, ווייל אין דריטן קאָמיסאַריאַט האָט מען זיך אָנגעהויבן צו פיל אינטערעסירן מיט זיין גורל, זענען ער און זעליק געזעסן איבער אַ פלאַש בראָנפן מיט אַ פּאַלומעסאָק קישקע און נאָך אַ מאָל זיך איבערגעשושקעט וועגן דאָס פאַרגאַנגענע. כאַנע האָט מיט אותות און מופתים אויפגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ טייער געשעפט, און וואָלט ער ניט

געדאַרפט אַוועקפאָרן... זעליק איז געזעסן אַ פאַרשלאָסענער אין זיך, געביסן אַ וואָנצע און ניט איבערגעריסן זיין ידיד מיט איין וואָרט; נאָר ווען כאָנע איז דערגאַנגען צו דעם, אַז מען האָט באַדאַרפט אסתרקען אַרויסנעמען די בלינדע אויגן אירע, האָט אים זעליק איבערגעריסן און אַרויסגעבורטשעט:

— כאָנע, ווייסט וואָס איכל דיר זאָגן? איך בין גאַנץ צופרידן, וואָס ס'האָט זיך אַזוי געענדיקט. איכל דיר זאָגן דעם אמת: די גאַנצע זאַך איז געווען צו האַמעטנע, עפּעס ניט פאַר ווילנע...

כאָנע האָט שוין מער גאָרניט גערעדט. ער האָט צוגעטרונקען דאָס לעצטע ביסל בראָנפן און איז אַוועק אויף ניט צוריקקומען. זעליק איז נאָך אַ שטיק צייט געשטאַנען ביים פענצטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. ווילנע איז געשלאָפן אויף אַ נאַכטלעגער פון ווייסן, היימישן שניי־לייוונט.



זובאַק האָט אויסגעשטרעקט ביידע הענט. ס׳איז אים אַרײַנגעפאַלן
אַ הויכער טשוגונטשיק...

# זובאַק

יענעם סעזאָן איז אין ווילנער טעאַטער געגאַנגען די פּיעסע „דער יידישער האַמלעט״ און זובאַק האָט דאָרט געשפּילט דעם געשטאָרבענעם טאַטן. ער האָט געדאַרפט שטיין אַ גאַנצן אַקט איינגעהילט אין אַ ווייסן ליילעך, מיט אַן אָנגעצונדענעם לעמפּל פון הינטן, ביז דער פאָרהאַנג איז געפאַלן. שטרייטמאַן, דער רעזשיסער, האָט געפאָדערט אַ לאַנגן, שיינעם מת, און דער הויכער, אויסגעדאַרטער זובאַק איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר דער ראָל. תחילת האָט זובאַק געמאַכט סקאַנדאַלן, געסטראַשעט צו פאַרלאָזן די טרופּע, אויב מען וועט אים ניט געבן אַ ביסל פּראָזע, איידער ער גייט צוריק אין קבר. אָבער אין טעאַטער האָט מען געוווּסט, אַז דאָס איז נאָר גערעדט. זובאַק האָט צו שטאַרק ליב געהאַט דאָס פאַך. האָט ער געפּרוּווט בעטן ביים רעזשיסער שטרייטמאַן כאָטש איבערצומאַכן די פּיעסע אַזוי, אַז ער, זובאַק, זאָל פריער שטאַרבן, וועט ער באַווייזן צו גיין אַהיים איידער מען פאַרמאַכט דעם טויער און ער וועט פאַרשפּאָרן צו באַצאָלן צען גראָשן דעם סטראָזש פאַר אויפשליסן. האָט שטרייטמאַן זיך צעשריען: דראַנג, דרך־ארץ פאַר שעקספּירן! און זובאַק איז אַוועק אַן אָפּגעשמיסענער פאַרקאַלכן דאָס פּנים צום אויפטריט.

זובאַקן איז ניט געגאַנגען די לעצטע צייט. קיין ראָלן האָט ער ניט באַקומען. די גאַזשע האָט מען אים אָפּגעריסן. שוין עטלעכע סעזאָנען ווי ער איז ניט געקומען צום פּסוק. זינט יענעם אויפטריט, ווען ער האָט זיך פאַרבולבעט און אויסגערופן: הער גענעראַל, דער פּנים איז ביי דער דאַמע פאַרקילט, אָנשטאָט — פאַרהילט, איז שטרייטמאַן אים געבליבן אַ דם־שונא, און דעם אמת געזאָגט איז געווען פאַר וואָס. די סצענע האָט געדאַרפט זיין אַ טראַגישע און דער עולם האָט גאָר געפּלאַצט פאַר געלעכטער. איינער אין זאַל האָט אַפילו געהאַט אויסגעשריען: זובאַק, ס'איז ניט קיין פּיסנאַגע.

איצט די מעשה מיט פאַרשפּאָרן די צען גראָשן פאַרן סטראָזש, וואָס דורכן חודש איז געוואָרן דערפון עטלעכע זלאָטעס. ער האָט עס פּשוט

געדאַרפט אויף שטוקעווען דאָס אויסקומעניש. די הינטערטיר פון סווירסקיס בעקערײַ איז אַרויס אויפן הויף, ווו ער, זובאַק, האָט געוווינט. די פאָרשטעלונג אין טעאַטער האָט זיך, געווײַנלעך, געענדיקט ווען מען האָט אָנגעהויבן זעצן דאָס ברויט, פלעגט ער גיך אַדורכשפּאַנען די בעקערײַ, ניט צו שטערן די אַרבעט, און שוין איז ער געווען פון דער אַנדער זײַט. נאָר אַנומלט, ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים אַריבערהיפּען די פּאָמעלע, לעבן דעם אָנגעברענטן אויוון, האָט אים סווירסקי פאַרשטעלט דעם וועג און געמאָלדן, אַז ווינצענטי דער סטראָזש בורטשעט, וואָס מען נעמט ביי אים צו פּרנסה. ער פרעגט נאָכאַנאַנד ווי קומט ער, זובאַק, ביי נאַכט אַהיים אויב ניט דורכן טויער. איז האָט מען טאַקע דעם סטראָזש איר ווייסט דאָך ווו, אָבער אין אַלגעמיין איז ניט קיין עסק, אַז אַן אַקטיאָר זאָל גיין דורך דער בעקערײַ און מען זאָל גאָרניט האָבן דערפון. זובאַק, וואָס איז געווען זייער אַ האָנאָראָוועך, האָט אויפגעהויבן אַ ברעם און געוואָרט צו הערן, מיט וואָס ער קען באַלוינען. האָט זיך סווירסקי אַ שושקע געטאָן מיט זײַנע צווײ אַרבעטער, די לצים, שנייקע און טעוועלע, און געמאָלדן זובאַקן, אַז פאַרן דורכגיין וועט ער דאַרפן אָדער אָפּטאַנצן, אָדער אָפּזינגען. ווי ער וויל. ס׳האָט ניט געדויערט אַ פינטל מיטן אויג זענען שוין שנייקע מיט טעוועלען געווען לעבן זובאַקן, און אים אָנגעהויבן איינריידן: זובאַק, זינגט אונדז אָפּ דעם קופּלעט פון „שלמה גאָרגל״, און ניט וואַרטנדיק זובאַק זאָל זאָגן יאָ אָדער ניין, האָבן זיי זיך אַליין פונאַנדערגעזונגען:

אוי, ס׳געפעלט מיר ניט די מעשה,

די מעשה איז דאָך ניט פאַר מיר...

דערביי האָט טעוועלע געהויבן די פּיס. נאָך אַ רגע טרעט ער אַרײַן אין אַ דייזשע מיט טייג.

זובאַקן איז געוואָרן סומנע. ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער איז אַרײַנגעפאַלן אין אַן אמתן גיהנום. און טאַקע אַזוי. פונעם אָפענעם אויוון האָבן געשפּריצט פונקען. סווירסקי מיט אַ פּאָמעלע אין האַנט, פאַרסאַזשעט ביז צו די אויערן. שנייקע און טעוועלע צעזונגען און צעטאַנצט אַרום אים, טאַקע ווי לצים, ניט ביי נאַכט צו דערמאָנען. זובאַקן איז אַדורך אַ סקרוכע איבערן לייב. ס׳איז אים געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן. די דייזשע טייג איז שוין קיין דייזשע ניט, נאָר, רחמנא ליצלן, אַ פעסל

סמאָלע, וואָס אָט באַלד גיבן אים שנייקע מיט טעווועלען אַ נעם און וואַרפן אים דאָרטן אַריין זיך פרעגלען.

שנייקע מיט טעווועלען האָבן געענדיקט דעם קאָנצערט און זיך אַוועקגעשטעלט צופרידענע, אין פולער דערוואַרטונג צו הערן, וואָס זובאַק וועט געבן פאַר אַ סחורה. תחילה האָט זובאַק געוואָלט אויסבייטלען אַל די קלאָגעדיקן אויף זייערע קעפ און אַפילו אַריינשפּייען אין דער פולער דייזשע אַריין. אָבער אָנשטאָט דעם האָט ער זיך אויסגעדרייט און זיך געלאָזט צו דער טיר. זיין אַוועקגיין וואָלט אויסגעזען טעאַטראַליש־פייערלעך ווען ניט דאָס, וואָס ער האָט זיך שיער ניט אויסגעגליטשט איבער אַ לאָפּעטע.

סווירסקי האָט דער ערשטער פאַרשטאַנען, אַז מען האָט דאָ איבער־געכאַפּט די מאָס. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך זובאַקן און אָנגעהויבן שרייען דורך דער טיר אַרויס: זובאַק, אַ געזונט אין אייך, מיר האָבן גאָרניט געמיינט! מ'האָט געמאַכט אַ חכמה, ניט מער!... אָבער זובאַק האָט ניט געענטפערט און איז אַוועק צום טויער. סווירסקי האָט זיך אומגעקערט צום אויוון און זיך צעבייזערט אויף די געזעלן: דערלאַנגט צום זעצן, פאַרברענט זאָלט איר ווערן. טעאַטער האָט זיך זיי פאַרוואָלט. דערוויל האָט מען אַ יידן אומזיסט־אומניש פאַרצאַפּט דאָס בלוט...

זובאַק האָט געריסן דעם גלאָק צום סטראָזש, ווי אויף אַ שריפה. דער גאַנצער הויף האָט זיך אויפגעכאַפּט. די שכנטע האָט אים געווונטשן, ער זאָל אַראָפּפאַלן פון אַלע טרעפּ און מען זאָל אים צונויפנעמען אין צוויי מאָל. פון צעקאָכעניש האָט זובאַק ניט געפונען קיין פּאַסיק וואָרט אָפּצו־ענטפערן. ער איז אַריינגעשפּרונגען אין זיין צימער, זיך אויסגעטאָן אין דער פינצטער, אַריין ביז איבערן קאָפּ אונטער דער פערענע און פאַר־שריבן ביי זיך אין זכרון מיט רויטן, בלוטיקן טינט: מ'עט זיך דאַרפן אַ מאָל אָפּשפּילן אויף די בעקערס, די כאַמולעס.

*

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך געחלומט זובאַקן, אַז סווירסקי דער בעקער שפּילט דעם טויטן טאַטן און ער, זובאַק, רעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. די גאַנצע פראַזע, וואָס קיינער האָט אים שוין לאַנג ניט אָנגעטרויט אַראָפּצורײדן פון דער בינע, האָט זיך געריסן אויף דער פריי.

שטיקער פון „כינקע פינקע" האָבן זיך צונויפגעמישט מיט אַ גאַנצן אַקט פון „יחסן". אַ מאַנאָלאָג פון „ברײַנדעלע קאָזאַק" האָט זיך פאַרקלינעוועט אין די „צוויי תנאים". און דער בעקער, דער כאַמולע, איז געשטאַנען מיט אַ פּאָר פאַרמעליקטע בוטשאָרעס פון אונטער די תכריכים, און געפינטלט מיט די אויגן פאַר פּחד.

אין דער פרי איז זובאַק אויפגעשטאַנען מיט אַ כריפּקע. ער האָט אַזש געוויינט פון גריזאָטע. פונקט היינט האָט מען געלייענט אַ נייע פּיעסע, און ער האָט זיך געגרייט צו קעמפן ווי אַ לייב פאַר אַ ראָל, איז ער גאָר הייזעריק. ער האָט זיך דערמאָנט די נעכטיקע געשיכטע אין דער בעקערײַ, און די אָבידע האָט אים אַ ברען געטאָן, ווי אַ גלעזל בראָנפן אויפן ניכטערן האַרצן. זובאַק האָט זיך אוועקגעזעצט אויפן ראַנד בעט און אָנגעהויבן מאַכן אַ חשבון־הנפש. אָט איז די מערכה פון אַן אַקטיאָר, אַז אַ ליאַדע גרינער יאָלד איז מיט אים פאַן־בראַט. אַנשטאָט אים צו זאָגן: אַ גוט נאָוונט, פאַניע זובאַק, גייט אַדורך, נאָר פאַמעלעך, שמירט זיך ניט אין אין מעל, מאַכט מען מיט אים אַזעלכע וויצן. ס'האָט זיך אים אַזש געגלוסט וויינען, אָבער עס איז ניט געגאַנגען. אין טעאַטער האָט מען געזאָגט אויף אים, אַז מ'זאָל שניידן פאַר זיינע אויגן זעק ציבעלעס וועט אים ניט אַרן, אַזאַ פאַרביסענע יוכע איז ער. אַפילו אין די סאַמע טראַגישסטע סצענעס איז ביי אים געווען אַ רענדל אַ טרער. עלטערע אַקטיאָרן האָבן עס געלייקנט, זיי האָבן געדענקט זובאַקן, ווי ער האָט געקענט לאַכן, און וויינען, און ברומען, און וואָס ניט? אין אַ גוטער מינוט פלעגן זיי דערציילן, ווי זובאַק איז געווען אַ גאַסטראָליאָר און געשפּילט בר־כוכבא, ווי ער האָט געפּאַכעט אַ האַלב־נאַקעטער מיט דער שווערד אַקעגן די רוימער, און די ווייבער פון האַלצמאַרק האָבן געקניפּן איינע די אַנדערע און זיך געסודעט: זע נאָר, אַ פייער זוכט אים, זע נאָר אַ פּלייצע... אין שטעטל רודזישעק האָט אים דער דראַמאַטישער קרייז געוואָלט מאַכן פאַר אַ שטענדיקן רעזשיסער. אַ שידוך האָט מען אים דאָרט גערעדט, אַ גרושה מיט אַ שניטקראָם. חברים האָבן אים געטאָרעט: כאַפּ, פלאַכט, דעם נדן, וועט מען קאָנען מאַכן אַ שיינעם טורנײ. אָבער ווי האָט זובאַק געקענט טראַכטן פון חתונה האָבן, אַז ער איז געווען יונג, אין פאָרמע, און געשטאַנען דער ערשטער אויפן אַפיש!

זובאַק איז געזעסן אַ גאַנצן פרימאָרגן אין די אונטערהויזן אויפן

ראַנד בעט און געגאָסן אויף זיך ראַשקעס רחמנות, ביז ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מען דאַרף וואָס גיכער לויפן אין טעאַטער, ווייל שטרייטמאַן קאָן נאָך אַוועקגעבן אַן אַנדערן די ראָל. ער האָט זיך גיך אָנגעטאָן און אַרויס פון שטוב מיט דער מחשבה אויסצוטרינקען אַ גלאָז טיי ביי וועלפקען אין קנייפע.

אויפן הויף האָט זיך געראָדלט. שנייקע מיט טעוועלען האָבן געשייערט די דייזשעס און די מיילער ביי זיי האָבן זיך ניט פאַרמאַכט אויף אַ סעקונדע. ווי נאָר אַ ייִנגערע שכנטע, האָט מען זי געגומען אין דער אַרבעט. סווירסקי איז געשטאַנען דערנעבן און ניט געהאַט קיין שליטה אויף זיינע פּאָר שדים. דער בעקער האָט דערזען זובאַקן, איז ער אים אַנטקעגנגעקומען מיט אַ ברייטן גוט מאָרגן, געוואָלט נאָך צוגעבן אַ וואַרעם וואָרט, צו נישט מאַכן דאָס נעכטיקע מיטן אַרויפליגן אַ מעליקע לאַפּע אויף זובאַקס אַקסל. אָבער זובאַק האָט זיך ניט געלאָזט איבער־בעטן. מען האָט אים אָנגערירט דעם אַקטיאָרישן האָנאָר. ער איז אַדורך דעם הויף און צו מאָל ניט אַ קוק געטאָן אין סווירסקיס זייט. שנייקען מיט טעוועלען האָט ער צוגעוואָרפן אַ בליק, אַ ביין, כאילו הינט וואָלטן געבילט. ער איז אַרויס דורכן טויער און זיך אַליין געטרייסט: נישקשה, זובאַק לעבט נאָך. ערט נאָך געבן אַ בענעפיס, וועט מען אים האָבן צו געדענקען.

*

אין טעאַטער האָט מען זיך געריסן פאַר די קעפּ. שטרייטמאַן דער רעזשיסער האָט געשריען, אַז די נייע פּיעסע וועט אויפרודערן ווילנע. אַקטיאָרן האָבן צוריקגעשריען, אַז די פּיעסע איז אַ שמאַטע, נאָר די פּאָדלאָגעס צו וואַשן. ניט קיין וויצן, ניט קיין טענצל, אַפילו ניטאָ דאָרט קיין פלאַץ אַריינצוברוקן אַ קאָמישע סטאַרוכע. שטרייטמאַן האָט שיער ניט באַקומען די ניכפּה. ער האָט געהאַלטן אַ לענגערע רעדע וועגן קונסט און קלאַסישן רעפּערטואַר. די אַקטיאָרן האָבן זיך איבערגעקוקט. באָמבע דער פּאַט האָט געמאַכט העוויות און די גאַנצע טרופּע האָט זיך געשטיקט פון געלעכטער. שטרייטמאַן איז אָבער געווען פול מיט בטחון. ער האָט געזאָגט, אַז אויב מען וועט אַרומשערן די ברינדזעס און אויסקוועטשן דאָס וואַסער, וועט די פּיעסע זיין אַ שלאַגער און וועט גיין בעסער ווי

„מיין ווייבס מאַן". און בכלל, מען מוז איבעררייסן מיט דעם שונד און זיך אויסדרייען מיטן פּנים צום בעסערן טעאַטער.

זובאַק האָט אויך געוואָלט אַריינוואַרפן זיינע צוויי פּיים אינעם וויכוח, האָט מען אים ניט צוגעלאָזט צום וואָרט. אַחוץ דעם האָט ער געכריפּעט, און מען האָט אים אַלץ איינס ניט געהערט. זובאַק האָט געמיינט, אַז ער פּלאַצט אַוועק. ער האָט געטשאַטעוועט אין אָט דער פּיעסע אויף אַ ראָל פון אַ טייוול, וואָס רעדט איין אַ צדיק צו כּל־מיני חטאים. גאַנצע צוויי אַקטן האָט ער אים געדאַרפט איינריידן, אַחוץ דעם פּראָלאָג. ס'איז געווען אין וואָס זיך צו וויַיזן. שוין דעם וויפלטן סעזאָן ווי ער גייט אויף דער בינע בלויז צוצוהאַלטן אַ פלאָקן פון אַ חופּה, און דאָ, לעצטנס, די שיינע ראָל פון טויטן טאַטן! זובאַקן איז, נעבעך, געגאַנגען אין לעבן צו באַקומען די ראָל פון דעם סמאל. ווילנע האָט אים אָנגעהויבן פאַרגעסן, און ער האָט געוואָלט נאָך איין מאָל אַ שיין טאָן פאַר איר, נאָך איין מאָל דורכגיין די בינע אין אַ שוואַרצער פּעלערינע, די אויגן כיטרע פאַררעטעושירט אין דער הייך, און געבן פּראָזע, דער טעאַטער זאָל צעשפּרינגען.

אַקטיאָרן האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס, פאָרגעלייגט איינער דעם אַנדערן: לאָמען פּרווון.

ביים פאַרטיילן די ראָלן איז דער טייוול אָנגעקומען מאַקסימאָוון, אַן אויפגייענדיקן שטערן אין דער טרופּע, און זובאַק איז אַוועק פון טעאַטער מיט ליידיקע הענט. שטרייטמאַן האָט נאָך ניט געוווסט וואָס צו טאָן מיט אים און צוגעזאָגט, אַז בעת די פּראָבן וועט מען זען וואָס צו מאַכן. ער זאָל זיך ניט קלעמען. אַן עפּיזאָדל אַרויסצוציען די וואָך גאַזשע וועט ער שוין אויסדרייען פאַר אים.

*

ביי וועלפקען אין קנייפּע איז געווען פריילעך. טיש האָט געפּראָוועט דער פּאָעט איציק מאַנגער, וואָס האָט זיך פאַרנאַדזיעט אין ווילנע ערגעץ פון טשערנאָוויץ, צי פון יאַס. מיט אַ גלעזל סליוואָוויץ אין האַנט האָט ער געדרשנט אין גראַמען און דער עולם האָט געשלונגען יעדעס וואָרט. שטאָלטנע מוידן, פאַרערערינס פון כּל־מיני קונסטן, האָבן געאָטעמט מיט האַלב־אָפענע מיילער, ווי הינער אין אַ חמימה, און געתלשט כאַפּן אַ

מינדסטן טראָפּן פון זיין פּאַרטומאַנעטן בליק. אָבער ווו? איציק מאנגער האָט געשפּאַנט מיט אַ צעשויבערטער טשופּרינע פון איין פּערז צום אַנדערן. אַז ער האָט געענדיקט זיין שירה, איז דער טומל געוואָרן נאָך גרעסער. צו די לחיימס איז ניט געווען קיין סוף. אַקטיאָרן האָבן זיך צעגראַגערט, שרייבער האָבן אַריבערגעשריגן, באַלעבאַטישע יידן, וואָס האָבן געהאָלפן אין אַ נויט און ליב געהאַט דאָס באָרוועסע געזינדל ווי אייגענע קינדער, האָבן געלעקט די פינגער — אי פון דעם צימעס, אי פון דעם גאַנצן האַרמידער.

אין פאָדערשטן צימער איז געזעסן זובאַק, זיך צוגעקוקט דורך דער אָפענער טיר צו דער שמחה און ס'האָבן אין אים געקאָכט די בלוטן. ווי ווילנע איז דאָס להוט נאָך נייע געטער; מאַקסימאָוו, וואָס האָט נאָך רעכט די פיס ניט אָנגעוואַרעמט אין טעאַטער, האָט דאָרט געפּאַדעט פון איינעם צום אַנדערן, מיט אַלעמען געווען אַ שמעלקע. די אַנדערע אַקטיאָרן זענען אויך ניט אָפּגעשטאַנען. אַלע האָבן געטרונקען מעצענאַטסקע בראָנפן און געשאָטן חכמות, ווי באָב. און אים, זובאַקן, האָט מען אַפילו ניט אַריינגעבעטן. ער איז געזעסן מיט די איזוואָזשטשיקעס אין פאָדערהויז. וועלפקע האָט געשלעפּט פּאַלומעסקעס און פלעשער דורכן פאָדערשטן קאַמער, און צו מאָל, ניט איבערגעדרייט די צונג צו זאָגן: זובאַק, לאַנגער לאָקש, קום אַריין עפּעס אויסטרינקען. כאילו זובאַק איז ניט פערציק יאָר אויף דער בינע, נאָר איך ווייס דאָרט, אַ פּורמאַן פון דער פּאַרשיוועד רעמיזע. יונגע סמאַרקעס זענען אַנגעלאָפן אין שטאָט. בייע מאָדעס האָט מען אָנגעהויבן איינפירן — לייענען פיעסן, זוכן ליטע-ראַטורע... זובאַק איז ביי זיי בטל...

די איזוואָזשטשיקעס מיט די בייטשן אין די הענט האָבן זיך צוגעע-שטופּט צו דער טיר פונעם צווייטן קאַמער, כדי בעסער צו הערן דעם זמר, וואָס דער לערער גערשטיין האָט אַזוי מתיקותדיק פאַרצויגן. טאָמער האָט ער, זובאַק, נאָך געהאַט אַ שטיקל שייכות צו יענעם קאַמער, כאָטש דורך אַריינקוקן, איז ער איצט אין גאַנצן געבליבן אָפּגעשניטן פון דאָרט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און אַרויס אין דרויסן מיט זיין אָבידע.

דער פראָסט איז געשטאַנען אויף יידישע גאַס און געוואַרט אויף קונדן. זובאַקן האָט פאַרהאַקט דער אָטעם. ער האָט זיך איינגעדרייט

פעסטער אין מאַנטל און געטראַכט: אַריינגיין צוריק צו וועלפקען און וואַרטן אויף אַ שאַנס, אָדער בעסער היטן דעם כבוד און גיין אַהיים? ער האָט באַשלאָסן בעסער צו היטן דעם כבוד. סוף־כל־סוף איז ער ניט דער לעצטער אין ווילנע.

ווי גיך ער האָט ניט געטאָפּטשעט אין שניי, איז ער אָנגעקומען צו זיין טויער אַ פאַרפראָרענער, מיט אַ ברענונג אין די פינגער. ער האָט קוים אַרויסגעקאַלופּעט צען גראָשן פון דער הויזן־קעשענע צו באַצאָלן דעם סטראָזש. דער סטראָזש האָט לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן, משמעות צוליבן פראָסט. זובאַק האָט געהאַט צייט, שפּרינגענדיק פון איין פוס אויף דער אַנדערער, צו מאַכן אַ חשבון מיט אַלע פאַרהאַסטע: פון סווירסקין דעם בעקער, ביז שטרייטמאַנען דעם רעזשיסער.

*

דער טעאַטער איז געווען פול. ווייבער האָבן זיך געקליגט אַרויפ־צוזעצן עטלעכע קינדער אויף איין שטול. ווילנע האָט ניט געהאַלטן פון אויסברענגעכצן. אויך עסנוואַרג האָט מען מיטגעבראַכט, מ׳זאָל ניט דאַרפן סתם פּטרן געלט אין בופעט. אין זאַל איז געווען היימיש. מענטשן האָבן זיך געפרייט איינע מיט די אַנדערע, ווי זיי וואָלטן יאָרן געווען צעשיידט. קינדער, ווי די וועווערקעס, זענען אַרומגעלאָפן מיט שטיקער רעטשישניק אין די הענטלעך, אַרונטערגערוקט די קעפּלעך אונטערן פאָרהאַנג, זיך געשפּילט אין באַהעלטעניש. מאַמעס האָבן געטיילט פּעטש, סעמעטשקעס, מוצאס חלה. טאַטעס האָבן זיך געקריגט איבער פאַרנו־מענע פּלעצער, אָבער ביז ס׳איז טונקל געוואָרן, איז מען דורכגעקומען. זיך איינגעמאָשטשעט, די קינדער פאַרשפּאַרט צווישן די קניען, האָט עולם אָנגעשטעלט אויג און אויער. מענדקע, דער בינע־אַרבעטער, האָט אַריינגעטראַסקעט אַ לעצטן נאָגל און די פאָרשטעלונג איז געווען גרייט.

זובאַק איז געזעסן אין דער גאַרדעראָבע שוואַרץ ווי די ערד. ער האָט זיך נאָך אַלץ געקלעמט, וואָס ער האָט ניט באַקומען קיין ראָל. אַקטיאָרן האָבן אים נאָכגעקוקט און ניט געוווסט וואָס ס׳איז געשען מיט אים. געקומען איז ער אין טעאַטער אפשר דריי שעה פאַר דער פאָר־שטעלונג. אַזוי האָט מענדקע דערציילט. און ער האָט זיך נאָך צו מאָל ניט פאַרגרימירט.

שטרייטמאַן איז אַריינגעלאָפן אין דער גאַרדעראָבע גרייט אויסצו־שיסן: דראָנגאָץ, ווילסט מיר אַראָפּרייסן די פאָרשטעלונג?... אָבער אַז ער האָט דערזען זובאַקן, האָט אים פאַרקוועטשט דאָס האַרץ. זובאַק איז געזעסן קעגן שפּיגל מיט אַ פּאָר אויגן, ווי ער וואָלט דאָרט דערזען אַ פרעמד פּנים, ניט זיינס. און וואָס פאַר אַ פּנים? צעדרייט און צעקרוטשעט, ווי נאָכן אַרויסנעמען אַ באַקצאָן. שטרייטמאַן האָט פאַרשטאַנען, אַז ניט אַנדערש נאָר זובאַקן איז געקומען דאָס וואָסער איבערן האַלדז צוליב דער ראָל פון טויטן טאַטן. האָט ער זיך צוגעזעצט און אים אָנגעהויבן טרייסטן:

— זובאַק, זיי אַ מענטש, נעם זיך ניט איבער, וואָס איז אַ שלעכטע ראָל? גאָרניט. ריצנאייל, איינגענומען, אָפּגעהאַט, און דאָס איז עס... אָבער אַן אַקטיאָר ביסטו? אויף די ברעטלעך שטייסטו? דאָס איז דער עיקר. די קונסט, ברודערקע, די קונסט פאָדערט קרבנות.

שטרייטמאַן האָט אויפגעהויבן דעם ווייזפינגער צום סופיט:

— גרויסע קרבנות!

זובאַק האָט עפּעס אויסגעזען ניט גליקלעך פון דער טרייסט. האָט אים שטרייטמאַן ווייטער געמונטערט:

— קלעם זיך ניט, זובאַק, איכל עפּעס צושניידן פאַר דיר אין דער נייער פּיעסע. דו וועסט נאָך מאַכן אַזאַ פורור, אַז אַלע קאַיאַפן, דיינע גוטע פריינד אויף דער בינע, וועלן אַוועקפּלאַצן. וועסט זען וואָס שטרייטמאַן קאָן טאָן פאַר אַ חבר. און איצט לייג אַרויף דעם גרים. מען דאַרף אָנהייבן.

*

די ערשטע פּראָבעס פון דער נייע פּיעסע האָבן זיך ניט געקלעפּט. מאַקסימאָוו האָט געמאַכט אינטריגעס. ער האָט געבורעט די אַקטיאָרן קעגן שטרייטמאַנען. מאַקסימאָוו האָט געטענהט, אַז די פּיעסע איז קיין פּיעסע ניט און שטרייטמאַן וויים ניט פון זיינע הענט און פיס צו זאָגן.

— רעזשיסעריע איז ניט קיין שניידעריי — האָט מאַקסימאָוו אונטער־געהעצט — דאָס דאַרף מען יאָכלען...

די אַקטיאָרן זענען געשטאַנען אויף דער בינע מיט די ראָלן אין די הענט, געכאַפּט פון דאָרט ווי די הונגעריקע געענדז גאַנצע זאַצן און זיך

געקרעקט מיט יעדן אינטעליגענטישן וואָרט. יאָרן האָבן זיי זיך אַרויסגע־האָלפן מיט אַ ביסל פּראָזע פון אַרבל און דאָ דאַרף מען זאָגן ווי פון אַ סידור, להבדיל. שטרייטמאַן איז געווען מלא התלהבות, ער האָט געקענט זיינע לייט. וואָס, וואָס, אָבער בעל־מלאכות זענען זיי געווען. ער האָט געוווּסט: וועלן זיי איינחזרן די ראָלן, וועט זיי דער אַקטיאָרסקער גיוך אַרויספירן אויף אַ וועג. אַזוי איז טאַקע געווען. אויף דער פּערטער פּראָבע איז דער אַקטיאָר באָמבע צוגעגאַנגען צום רעזשיסער און געזאָגט:

— דו ווייסט, שטרייטמאַן, ס'איז טאַקע אַ פּיעסע. ווער האָט עס אויפגעטערכעט?

שטרייטמאַן האָט זיך אויסגעצויגן ווי צו אַ סאַלוט:

— געטע האָט עס אָנגעשריבן און איך האָב עס באַאַרבעט...

— געטע?... ממ... ניט קיין שלעכטער לאַפּיטוט...

די פּראָבעס זענען אַוועק ווי אַ מיזמור. מער ניט מאַקסימאָוו האָט געטרונקען שטרייטמאַנס בלוט.

אַקטיאָרן האָבן געוווּסט פאַר וואָס. מאַקסימאָוו האָט געהאַט אין וואַליזקע אַ פּיעסע מיט אַ הויפּטראָל פאַר זיך, און ער האָט עס געוואָלט שטעלן אונטער זיין אייגענער רעזשי. האָט ער געטאָן אַלץ כדי שטרייט־מאַנען מבטל צו מאַכן און אים אַרויסהייבן פון טעאַטער. גוטע פריינד האָבן עס אונטערגעטראָגן. די מלחמה איז געווען אומפּאַרמיידלעך.

אויף איינער אַ פּראָבע האָט שטרייטמאַן דערקלערט מאַקסימאָוון, אַז ער, דער טייוול, זאָל ניט אונטערקומען דעם צדיק פון הינטן אויף די טשיפּקעס ווי אַ מאַרעוויכער, ווייל ער גייט דאָך ניט ציען ביי יענעם פון קעשענע. ער זאָל בעסער גיין עלעגאַנט, ווי אין לאַקירקעס. מאַקסימאָוו האָט, ווי זיין שטייגער, דערווידערט. די גאַנצע וועלט ווייס, אַז אַ טייוול האָט קאָפּיטעס, און קאָפּיטעס קלאַפּן. דעריבער דאַרף ער אַזוי גיין. שטרייטמאַן איז אַרויס פון די כלים, דערמאָנט עפּעס וועגן פינצטערע עלעמענטן, און לסוף געפרעגט מאַקסימאָוון: ווער איז דאָ, אייגנטלעך, רעזשיסער? האָט אים מאַקסימאָוו געענטפערט:

— דער רעזשיסער טאַקע זייט איר, נאָר אין פירן אַ האַנטוועגעלע פאַרשטייט איר מער...

שטרייטמאַן האָט זיינע אויערן ניט געגלייבט און איבערגעפרעגט:

— וואָס, וואָס האָסטו געזאָגט?

האָט מאַקסימאָוו צוגעגעבן אַ פּירוש:

— כ׳האָב געזאָגט, אַז איר האָט ליב צו שלאָפן שפּעט, זייט איר געקומען צום טעאַטער. ווייל אויב ניט — וואָס טוט איר דאָ?...

שטרייטמאַן האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פאַרצוקן מאַקסימאָוון. מענדקע דער בינע־אַרבעטער און עטלעכע דרייסטערע אַקטיאָרן האָבן פונאַנדערגענומען די קעגנער. מענדקע האָט געהאַלטן שטרייטמאַנען פאַר די הענט. שטרייטמאַן האָט געשריען:

— מענדקע האַלט מיך צו, ווייל איך צעמורשטשע אים אויף שטיקלעך, אָט דעם באַלאַגאַנשטשיק, אָט דעם...

מאַקסימאָוו האָט זיך געזעגנט מיט דער חברה אַקטיאָרן:

— זייט געזונט, קינדער, איך גיי מאַכן אַן אייגענע טרופּע. איך וועל אייך ווייזן, וואָס הייסט טעאַטער. ווער עס ווינטשט מיר בייז, זאָל גיין אַרבעטן מיט אָט דעם לאַטוטניק. און ניט וואַרטנדיק ביז עס וועט אים פליען אַ שטיקל רעקוויזיט אין קאָפּ, איז ער אַראָפּ פון דער בינע.

שטרייטמאַנען איז געווען זייער ביטער. ער איז געבליבן אָן אַ ראַליסט. וואָס טוט מען ווייטער? ווייזט אויס, אַז זובאַק האָט געהאַט אַ זכות אין הימל. ווי ער איז געזעסן אינעם ליידיקן זאַל, און נאָכגעקוקט אַ פּאַראומערטער די פּראָבע, האָט אים שטרייטמאַן דערזען און אַ גאָלדענע מחשבה האָט אַ גלאַנץ געטאָן ביי אים אין מוח: פאַר וואָס מאָקע ניט געבן זובאַקן די ראָל? פאַר וואָס ניט? איז ער אַרויס פון דער מאָדע, אָבער אַן אַקטיאָר איז ער דאָך. און אַן אַלטער אַקטיאָר. פאַר וואָס זאָל מען אים פאַרטרייבן? מען וועט אים איינלערנען ניט צו דרייען מיט די אויגן און ניט מאַכאַיען מיט די הענט ווי אַ ווינטמיל, וועט ער זיין גאָרניט שלעכט. און מאַקסימאָוו וועט פּגרן פון גריזאָטע, ווייל אָט פאַרבייט זובאַק אים, דעם גרויסן צעלייגער, און די פאַרשטעלונג גייט.

די אַקטיאָרן זענען געשטאַנען אויף דער בינע ניט צו ווייסן וואָס ווייטער. אייניקע האָבן שוין צונויפגעלייגט די ראָלן און זיך געקליבן אַהיים, ווייל וואָס וועט מען שטיין און גאַווראָנען?

האָט זיך דערהערט שטרייטמאַנס רוף:

— זובאַק, קום אַרויף אויף דער בינע!

זובאַקן האָט אָפּגעריסן אין האַרצן. די גאַנצע צייט נאָכן סקאַנדאַל מיט מאַקסימאָוון, האָט אים געקלאַפּט אַן אָדער, אפשר וועט זיך שטרייט־

מאַן דערמאָנען אָן אים. ער האָט געוואָרט אויף אַ רוף ווי אַן אויסגעדינטער שלאַכטפערד אויפן טראָמפּייטן־שאַל. און אַז דער רוף איז געקומען, האָבן אים אָפּגענומען אַלע גלידער, ער האָט זיך קוים דערשלעפּט צו דער בינע.

שטרייטמאַן האָט זיך אויפגערעגט:

— נו, ריר זיך, האָסט דאָך געוואָלט די ראָל פון טייוול, האָסטו זי. אָבער געדענק, טאָמער פאַרדרייסטו מיר אַ וואָרט אין טעקסט...

און זובאַק, מיט אַ שפּליטער פון אַ טרער אין איין אויג, האָט קוים געשעפּטשעט:

— איך גיי, פּאַניע שטרייטמאַן, איך גיי...

*

אויף זובאַקן איז אַרויף אַ נייע הויט. זינט ער האָט באַקומען די ראָל, איז די גאַנצע וועלט געווען זיינע. ער האָט זיך געהאַט אַפילו אַ ביסל אויסגעגלייכט. שוין יאָרן ווי זובאַק איז געגאַנגען איינגעבויגן. מענטשן האָבן געמיינט, אַז דאָס איז אים געקומען פון צרות, אָבער אַקטיאָרן האָבן געוווּסט פון וואַנען דאָס שטאַמט. מיט זובאַקן האָט פּאַסירט אַ מעשה נורא. ער האָט אַ מאָל זיך געליבט אין פּערעלען דער כאָריסטקע. איז אָנשטאָט צו שטעלן מיט איר חופּה, פלעגט ער זיך גאָר טשעפּען מיט איר הינטער די קוליסן. אַ גלעט, אַ קוש, אַ קוועטש צווישן איין אויפטריט און דעם אַנדערן. פּערעלע האָט געזען, אַז ווען עס קומט צו תּכלית, שפּילט זובאַק דעם טויבן מאַיר, האָט זי אים איין מאָל אַ פרעג געטאָן: פּאַניע זובאַק, איר רעכנט מיך נאָך לאַנג צו סמאָטשקען, ווי אַ מאַרכביין, אָן אַ כתובה? מיט וועמען שפּילט איר דאָ אין זשמורקעס? זובאַק, ווי זיין טבע איז געווען, האָט זי געוואָלט אַרומנעמען און זאָגן: מוצקעלע, האָט ער געכאַפּט פון פּערעלען אַ בריק אין אַן איידל אָרט. אַ גליק נאָך, וואָס כץ דער פעלדשער איז געווען אויף דער פאָרשטעלונג. מען האָט זובאַקן קוים אָפּגעטשוכעט. פּערעלע איז אַוועק פון טעאַטער. זי האָט חתונה געהאַט מיט רוווקע דעם פּאַזשאַרניק. דערנאָך האָט זיך רוווקע איבערגע־טרונקען און זי איז געוואָרן אַן אַלמנה. פּערעלע האָט ליב געהאַט זובאַקן און רוווקע איז געווען אַ פּיאַניצע און אַ ברילע. זובאַק איז געוואָרן אַ מרוק, און האָט אָנגעהויבן גיין איינגעבויגן. ער איז געבליבן אַן אַלטער

בחור, און פון ליבהאָבער אַריבער אויף כאַראַקטער־ראָלן. שפּעטער האָט ער פאַרשטאַנען זיין פעלער, וואָס ער האָט ניט חתונה געהאַט מיט פערעלען. ביידע צוזאַמען האָט מען געקענט אָוועק גאָר ווייט. פערעלע האָט אויף דער בינע געברענט. מען האָט איר פאָרויסגעזאָגט גאָר גרויס. איין מאָל איז די סוברעטין ליפּאָווסקאַיאַ קראַנק געוואָרן, האָט פערעלע אָנשטאָט איר אָפּגעשפּילט אַ „מלכהלע סאָלדאַט״, איז געווען וואָס צו זען. דער קצבישער אַרטעל האָט זיך געשניטן איבער איר. און ניט קיין וווּנדער. ווען פערעלע איז אַריינגעקראָכן אין אַ פּאָר גאַליפע־הויזן מיט רויטע שטיוועלעך און פאַרשנורעוועט די טאַליע, דער ביוסט זאָל אַרויסגיין אַ צוטעלע צו דער אָוואַנסצענע, איז וועלכער מאַנצביל האָט געקענט זיצן רויִק? אַחוץ דעם איז זי געווען אויפן פּנים אַ פאַרשווין, מיט אַ קאָפּ האָר ווי אַ קרוין. נאָר ווי האָט זובאַק געקאָנט טראַכטן וועגן פאַרבינדן זיך, אַז ער איז דעמאָלט געווען אַ גאַסטראָליאָר און אַלע נאַכט געהוליעט ביי שומאַנען אין שאַנטאַן.

פון דעסטוועגן איז די פריינדשאַפט ניט איבערגעריסן געוואָרן. פערעלע האָט געקרענקט ערגעץ אין אַ הייזקע אויף אַרויף זאַרעטשע, און זובאַק, אַפילו אין שוואַכסטן סעזאָן, פלעגט איר עפּעס אונטעררוקן. אויך איצט האָט ער גערעכנט צוצוגיין צו איר און איר דערציילן וועגן דער באַקומענער ראָל. נאָר דערנאָך האָט ער זיך באַטראַכט, אַז ס׳איז עפּעס ניט שיין צו גיין צו איר מיט ליידיקע הענט. אַחוץ דעם איז יעדן טאָג געווען פּראָבע.

שטרייטמאַן האָט באַשטימט די פּרעמיערע אויף שבת צו נאַכטס און מען האָט געמוזט גוט אַריינאַרבעטן. זובאַק האָט באַשלאָסן צו באַזוכן פערעלען שבת אין דער פרי, ווען עס וועלן שוין ניט זיין קיין פּראָבעס. וועט ער פאַרברענגען מיט איר אַ האַלבן טאָג, זי משמח זיין אַ ביסל. אפשר וועט מען דערווייל טיילן אַוואַנסן, וועט פּאַר איר אויך זיין אַ פּאָר גילדן. זובאַק האָט אויך באַשלאָסן גלייך נאָך דער פּרעמיערע אַראָפּ־ברענגען צו פערעלען דעם דאָקטאָר פערגאַמענט. יענע האָט געסווישטשעט מיט די לונגען און די פּיס האָבן איר ניט געדינט.

דערווייל איז ער געווען כולו אַריינגעטאָן אין דער ראָל. גאַנצענע טעג איז ער געזעסן אויפן בעט און געזוברעוועט דעם טעקסט. שטרייטמאַן

האָט אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, מען זאָל לערנען אַלץ אויסנווייניק, ווייל קיין סופליאָר אין בודקע וועט ניט זיצן.

*

שבת אין דער פרי איז זובאַק אויפגעשטאַנען פריש און מונטער. די ראָל איז געלעגן אונטערן בעט. זובאַק האָט זי געקאָנט אויסנווייניק. אַלע לאַנגע, פרעמדע זאַצן זענען געשטאַנען ביי אים אין קאָפּ ווי זעלנער און בלויז געוואַרט אויף אַ באַפעל צו לויפן דורכן מויל אויף אַטאַקע. זובאַק האָט זיך אָנגעטאָן, אַרומגעוואַשן און איז אַרויס אויפן הויף כאַפּן פרישע לופט. אים איז דורכגעלאָפן אַ מחשבה: אפשר גאָר אַריינגיין צו סווירסקין און נעמען אויף באָרג אַ באַבקע? וועט ער האָבן מיט וואָס צו קומען צו פּערעלען אויף טיי. אַחוץ דעם — וואָס ט'ער שפּילן מיט אים אַ ברוגז? ס'איז דאָך אַ שכן. וועט ער שיסן צוויי האָזן מיט איין מאָל: אי ער וועט פּערעלען עפּעס ברענגען און אי ער וועט זיך איבערבעטן מיטן בעקער. צי דער פרישער שניי, צי די באַקומענע ראָל — ווי עס זאָל ניט זיין — זובאַקן האָט אין דעם שבתדיקן פרימאָרגן אויסגעזען די וועלט אי ריינער, אי פריילעכער, און זיין סטירדע מיט סווירסקין ניט אַזוי האַמעטנע.

געטראַכט און געטאָן. זובאַק איז אַריבער די שוועל פון דער הינטער־טיר מיטן גוט־שבת אויף די ליפּן. סווירסקי איז ניט געווען אין דער בעקעריי. אויף דער פּאַדלאָגע זענען געשטאַנען די אַרויסגענומענע טשאָלנטן פון אויוון. דער ריח פון געוואָרפענע קוגלען און געבראָטענע קאַרטאָפל האָט זובאַקן פאַרשיכורט, ווי ער וואָלט אַריין אין אַן אָראַנזשעריע מיט זעלטענע בלומען. דאָס האַרץ האָט אים געגעבן אַ חלש. זובאַק איז געבליבן שטיין אַ רגע אַ דערדריקטער פון אָט דעם מאכלדיקן וווּנדער. שוין אַ גוטע פּאָר יאָר ווי עס איז קיינעם ניט איינגעפאַלן אים צו פאַרבעטן צו אַ שבתדיקן טיש. גאָר אַ מאָל האָט מען זיך געריסן איבער אים. אָבער זינט ער איז אַראָפּ פון אַפּיש האָט אַפילו וועלפּקע פון דער קנייפּע אים פאַרזעסן. זובאַקס דמיון האָט אַריינגעקוקט אין די פאַרדעקטע טשאָלנט־טעפּ. צווישן קופּעס שמעקעדיקע בעבלעך האָט זיך געדרייט אַ פאַר־בראָנדזעוועטע, גלאַנציקע קישקע. קוגלען, ווי די ברוקשטיינער, האָבן געדריקט אויף שטיקער פעטע ברוסטפלייש. קאַרטאָפל האָבן זיך צוגע־קלעפּט צום ראַנד טאָפּ און בלויז געוואַרט מ'זאָל זיי אָפּרייסן פון דאָרט.

אַפּילו אין דעם געמיינסטן, צעשטשערבעטן טעפּל האָט זובאַק געזען אַ זיסן ביסן. איז ניט קיין רינדפלייש, אָבער אַ קעלבערן פּיסל איז פּאַראַן? עטלעכע גוטעביינער וואַלגערן זיך דאָרטן? שוין גוט.

זובאַק האָט געהיפּערט איבער די אָנגעשטעלטע טעפּ, ווי איבער איידעלע וואַזאָנעס, און געצויגן אין זיך דעם געווירצטן אַראָמאַט. פּלוצעם האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט, ווי שוין לאַנג ניט. די הנאה האָט אים אַ שפּאַר געטאָן אונטערן לעפעלע. ער האָט געכיכיקעט, געהאַלטן זיך פאַר די זייטן, געפּאַכעט מיט די הענט, ווי ער וואָלט געטריבן פון זיך אַ קונדס, אַן אָנשטעלער, וואָס האָט אים דערציילט אַן אומגלייבלעכן וויץ. ער האָט טאַקע געהאַט וועמען צו טרייבן. דאָס האָט אים זיין אייגענער קונדס, אַן אויסגעכאָוועטער אויף אַקטיאָרסקע רייזעס, אין שטעטלשע אַכסניהס, הינטער טונקעלע קוליסן, דערציילט אַ גוטן וויץ. ניט מער און ניט ווייניקער — ער האָט אים דערציילט אַ וויץ פון צונעמען אַ טשאָלנט און אַוועקגיין מיט אים צו פּערעלען.

דער קונדס האָט אין אים אַזוי לאַנג אַריינגערעדט ביז אים, זובאַקן, האָט די גאַנצע זאַך אָנגעהויבן אויסקוקן גאָר ניט אַזוי קרום. פּערעלע איז קראַנק. ס'איז אַ מצווה זי צו אַטכאַיען. היינט די פּרעמיערע? אַ ביסל טשאָלנט וועט אים שטאַרקן דעם מוט. אַן אָפּגעגעסענעם שפּילט זיך גאָר אַנדערש. די ראָל קאָן ער טאַקע, די מיזאַנסצענעס אויך, אָבער אַז ער וועט נאָך האָבן אַריינגערוקט אין זיך אַ טעלער טשאָלנט, איז ווער וועט זיין גלייך צו אים? און דער עיקר, פּערעלע וועט קומען אַ ביסל צו זיך. דער תירוץ וועט זיין: מען פייערט די פּרעמיערע. אָבער דערווייל וועט זי כאָטש איין טאָג ניט דאַרפן קוילענען אַ הערינג און זיך אָנגיסן מיט ציקאָריע.

אַז דער חטא האָט שוין באַקומען אַ צורה, איז ערשט זובאַקן אַדורך אַ פּחד: וועט ער ניט געשטרויכלט ווערן מיט אָפּרייסן דעם ביסן פון אַן אָרעמער שטוב? גיי זיי אַ חכם און ווייס וועלכער טאָפּ צו וועמען געהערט. דער שכל־הישר האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז ווו נאָר אַ גרויסער טשוגון, מוז ער זיין פון ר' לייזערס הויף אָדער פון גיטקע טויבעס זאַווּליק, ווו ס'זענען פּאַראַן אַ סך קינדער, און גבירים אויף אַ רפואה ניט. האָט מען זיך געדאַרפט אָפּלייגן אויף די קלענערע טעפּ און ווי גאָט וועט געבן. אַזוי האָט ער געטאָן. זובאַק האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו דער ערד, פאַרמאַכט די

אויגן און אויסגעשטרעקטביידע הענט. ס׳איז אים אַריינגעפאַלן אַ הויכער טשוגונטשיק. אויפן פאַרברוינטן ראַנד פון צייטונג, וואָס איז געלעגן פאַרשפּרייט אונטערן דעקל, האָט זיך געבליכט אַן אַדרעס: בערגער, שוואַרצאָווע. זובאַק האָט דערזען דעם אַדרעס, איז אַ נייע נשמה אַריין אין אים. ניט אַנדערש, נאָר אַ מלאך פון הימל האָט געפירט מיט זיין האַנט. איצט איז זיין געוויסן געווען אין גאַנצן ריין. בערגער פון די קוואַס, דער נגיד. פאַר זיין משפּחה איז דאָך דער טשאָלנט בלויז אַ נאַשעריי, אַ פאַרבייסעכץ. ביי די געלטיקע הייבט זיך דאָך אָן מיט אַ שיין שטיקל פיש, אייער מיט ציבעלע, לעבער געהאַקטע, דערנאָך יויך, אַ פּערטעלע עוף מיט פלוימען־צימעס, און וואָס ניט? וועלן זיי זיין אַ שבת אָן אַ טשאָלנט, ניט קיין אומגליק. נאָך דער פּרעמיערע וועט ער אַוועקגיין צו בערגערן און ס׳וועט אַרויס דערפון אַ טורליקעס אויף גאַנץ ווילנע.

זובאַק האָט אַ נעם געטאָן דאָס טעפּל אונטערן מאַנטל און אים צוגע־האַלטן פון אונטן מיט אַ האַנט דורך דער צעריסענער קעשענע. מיט אַ לייכטן טראָט איז ער אַוועק צו פּערעלען.

*

דעם שבת האָט זיך אין דער בעקעריי געטאָן חושך. אַלע טשאָלנטן זענען געווען קאַלט. סווירסקי האָט פּריטיק שלעכט אויפגעהויבן אַ זעקל מעל און געכאַפּט אַ טראַנץ אין זייט. האָט ער געבעטן זיינע יונגען, שנייקע און טעוועלע, זיי זאָלן אים שבת פאַרבייטן און אַרויסגעבן די טשאָלנטן. די הוליאַקעס האָבן זיך אָבער אָפּגערעדט שבת אויף אַ טרעפונג ביי איינעם פון צעד. זענען זיי געקומען גאַנץ פרי, אַרויסגעשלעפּט די טעפּ פון אויוון, ווי איינער זאָגט: נאָט, שטיקט זיך! און געלאָזן די בעקעריי אויף הפקר.

מען האָט סווירסקין אַרויסגענומען פון בעט, ער זאָל גיין קלייבן נחת. איז דאָס נאָך געווען ווייניק, האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אים בערגערס דינסט, אַז איר טשאָלנט פעלט. סווירסקי האָט געפּרוווט פרעגן, אפשר האָט זיך איר בלויז געחלומט אַ טשאָלנט, אפשר האָט מען גאָר היינטיקן שבת קיין טשאָלנט ניט געשטעלט. האָט זיך די דינסט פונאַנדערגעוויינט און אָנגעהויבן געבן סימנים. סווירסקין איז קאַלט געוואָרן. ער האָט יאָ פאַררוקט פּריטיק אין אויוון אַזאַ טשאָלנט. ס׳איז געווען אַ דרייער טשו־

גונטשיק, פאַרבונדן פון אויבן מיט אַן „אָוונט־קוריער״. ער האָט זיך אַפילו דערמאָנט, ווי ער האָט נאָך געשריען אויף טעווקען דעם פוילאַק, וואָס האָט זיך איבערגעבויגן אין דער ערב־שבתדיקער גראַטשקע איבערן טאָפּ לייענען אַ שטיקל המשך פון „די בלוטיקע סאָניע״.

ניט פאַר דער דינסט האָט זיך סווירסקי אַזוי דערשראָקן, כאָטש יענע האָט געטענהט, אַז זי קען ניט קומען אַהיים אָן טעפּל. בערגערס עלטסטע טאָכטער האָט געהאַט אַ גאַסט, כמעט אַ חתן, פון אויסלאַנד, און מען האָט אים דווקא געוואָלט פּריטשמעליען מיטן טשאָלנט. דעם בעקער האָט גערופעט גאָר אַן אַנדער ענין. גראָד ניט לאַנג צוריק האָט זיך געמאַכט אַ מחלוקת אין פאַראיין פון די שטאַרקע „די גאָלדענע פאַן״ און ער איז געווען אַ שטיקל צד אין טיש. אָרקע דער הונדערטער האָט געוואָלט באַגראָבן זעליקן בעל־טובה. אַזוי ווי ער, סווירסקי, האָט געשעפטן מיט זעליקן, האָט אָרקע צוגעטראַכט אַזאַ נקמה: ער האָט אָוועקגעשיקט צו סווירסקין שטעלן אַ טשאָלנט, ווו אַנשטאָט אַ קוגל איז געלעגן אַ גראַנאַט. אַ קורצע צייט נאָך דעם ווי סווירסקי האָט אַריינגעשטעלט די טעפּ אין אויוון און פאַרמאַכט די זאַסלינקע, האָט אָרקעס טשאָלנט אויפגעריסן פון דער היץ, און אַלע טעפּ זענען צעשפּרונגען אויף פּיץ־פּיצלעך. שטאָט איז געגאַנגען אויף רעדלעך. ווילנע האָט פון תמיד פיינט געהאַט גזלעוואַניע. מען האָט גערופן די בלאַטע צום רב. אָרקע איז געשטאַנען ווי אַ לעמעלע: ער ווייסט גאָרניט. מלכות האָט זיך אַריינגעמישט. הונדערטער האָט געקאָסט צו פאַרשמירן די זאַך. דאָס אַלץ איז געשען, ניט היינט געדאַכט, מיט אַ האַלב יאָר צוריק, און איצט נאַ דיר די צווייטע טעג יום־טוב. אַ טשאָלנט איז נעלם געוואָרן. סווירסקי האָט דערזען אין דעם נייע צרות. ער האָט אַרויסגעפּראַוועט די דינסט מיט כל־מיני צוזאָגן, אַז אָט, באַלד לויפט ער אַליין צום אַלטן בערגער אויפקלערן דעם גאַנצן ענין, אָבער אַוועקגע־לאָפן איז ער גאָר צום סעקרעטאַר פון פאַראיין, קיווקע דער בוריקל, פרעגן וואָס האָט מען ווידער צו אים. קיווקע האָט געזאָגט, אַז גאָרניט, ס׳איז שטיל. מען האָט קיין זאַך ניט פאַרטראַכט. אָרקע מיט זעליקן האָבן געגעבן תקיעת־כף, אַז יעדן איבעררייד וועט מען דערליידיקן אויף טרוקן, אָן כלים.

פון דעסטוועגן האָט זיך סווירסקי ניט באַרויִקט. ער איז צוריקגעלאָפן אין דער בעקעריי איבערנישטערן אַלע ווינקעלעך. גיי פאַרלאָז זיך אויף

די אורקעס. סווירסקי האָט זיך געטרייסלט פון יעדן שאָרך. ס'האָט זיך אים אַלץ געדאַכט, אַז אָט באַלד פליט ער מיט דער בעקעריי אין דער לופטן. ווישנדיק די סאַזשע פון די הענט, האָט ער געפּרוווט טרעפן: אויב ניט די בלאַטע, ווער האָט אים געקענט אָפּטאָן אַזאַ זאַך? איז כיבע דעם סטראָזשס קאַטאַרזשאַנעס. יענע קוואַפּען זיך דאָך אפילו אויף אַן אויסגע־ריבענער פּאָמעלע. מאָרגן ווען זיי, מן הסתם, גיין פאַרקויפן דעם ליידיקן טעפּל אויפן דורכהויף, וועט ער שוין וויסן געגנוי.

סווירסקי איז אַוועק אַהיים מיט אַ פעסטן באַשלוס צו ריידן נאָך שבת האַרבע דיבורים מיט זיינע משחיתים. ער וועט זיי ווייזן, וואָס דאָס הייסט איבערלאָזן די בעקעריי אַזוי, פריי מאַיאָר.

*

— נו, ווי האָט דיר געשמעקט?

— גוט. כ'האָב שוין באַלד פאַרגעסן דעם טעם...

— נעם נאָך אַ ברעקל קישקע.

— זובאַק, וואָס רעדסטו? כ'האָב שוין ניט ווו צו לייגן...

זובאַק מיט פערעלען זענען געזעסן ביים שבתדיקן טיש און נאָכגע־קוקט איינער דעם אַנדערן ס'זאָל גאָרניט בלייבן אויפן טעלער. דער עיקר איז זובאַק געקראָכן פון הויט פערעלע זאָל עסן, כאילו ער האָט זי געוואָלט אָנקאָרמען פאַר אַלע דורכגעלאָזענע שבתדיקע מאָלציייטן. אַ צעפּאַרעטער, היפּשלעך אָפּגערוקט פון טיש צוליבן אָנגעפּילטן בויך, האָט ער זיך געשמאָלצן פאַר נחת, קוקנדיק אויף פערעלען, ווי זי באַקומט קאָליר נאָך דער צווייטער פאָרציע קוגל. ער האָט זי איינגערעדט, אַז דעם טשאָלנט האָט אים אונטערגעטראָגן אַ שכנטע פאַר שרייבן, אין פאָרעם פון בריוו, שטיקער טעקסט פון „הערצעלע מיוחס" צו איר מאַן, וואָס האָט זי איבער־געלאָזט אויפן פליישבאַנק און אַליין אַוועק קיין אַמעריקע. פערעלע האָט געלאַכט, געגעסן, און געלויבט דער שכנטעס קוגל. זובאַק האָט מיטגע־לאַכט: — פאַרשטייסט, פערעלע. כ'האָב אים אַוועקגעשריבן דעם מאָנאָלאָג פון צווייטן אַקט, האָט ער איר צוגעשיקט אַ צענערל און אַ צוזאָג אויף אַ שיפסקאַרטע...

פערעלע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— איי, זובאַק, ביסט געבליבן אַן אָנציער און וועסט פּגרן אַזאַ. מיט מיר האָסטו דען אַנדערש געמאַכט?

זובאַק האָט פונאַנדערגענומען בײדע הענט:

— נו, ווער איז שולדיק, אַז דו ביסט אַנטלאָפן פון טעאַטער. ווען דו בלייבסט איבער און פאַרסט מיט אונדז אין טורניי, וואָלטן מיר זיכער חתונה געהאַט.

צווישן איין פאַרשלונגענעם קאַרטאָפל און דעם אַנדערן האָט זובאַק דערציילט פּערעלען פאַרשיידענע קאָמישע טעאַטער־פּאַסירונגען. ביידע האָבן זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער און זיי האָבן גאָרניט באַמערקט ווי פון טשאָלנט איז ניט געבליבן קיין סימן.

*

זובאַק האָט אַרײַנגעטראָגן זיין בויך אין טעאַטער, ווי אַ קלעזמער זיין קעסלפּויק. ער האָט זיך קוים געקענט איינבויגן. ערשט, זיצנדיק אין דער גאַרדעראָבע, האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין־וחשבון, וואָס ער האָט אַלץ אַרײַנגעפּאַקט אין זיך. ער איז שוין געווען אָפּגעוווינט פון אַ פעטן ביסן. עס האָט אים געדריקט אונטערן לעפּעלע און דער שלוקערץ האָט אים געקלאַפּט צום גאַרגל. זובאַק האָט געקרעכצט:

— וואָס טוט מען, איך בין אַ פאַרפאַלענער...

די אַקטיאָרן אין דער גאַרדעראָבע האָבן געזען, אַז מיט זובאַקן איז עפּעס ניט גלאַט. פון איין קרעכץ צום אַנדערן האָט ער זיי באַרויִקט, אַז אים איז גאָרניט. אַ שטיקל קוגל האָט אים פאַרשאַדט. ס׳וועט באַלד איבערגיין.

ער האָט קוים מיט צרות אָנגעטאָן די שטיבלעטן, זיך באַגאַסן מיטן זיבעטן שוויס, ביז ס׳איז אים געלונגען אַרײַנצוקריכן אין די סאַמעטענע פּלודערן און פאַרבינדן אַרום האַלדז די טיוולשע פּעלערינע. פונעם שלו־קערץ האָט זיך דער קאָפּ ביי זובאַקן צוריקגעוואָרפן, ווי מען וואָלט אים אונטערגערוקט אַ רויכערדיקע האַלאָוועשקע. ער האָט זיך ניט געקאָנט פאַרגרימירן די אויגן. דער שמינק האָט געטראָפן אויפן נאָז און איבער־געלאָזט אויף אים שוואַרצע פלעקן. ביז ער איז געוואָרן פאַרטיק, האָט אים שוין באַראַדאָוו, וואָס איז פון אַ סופליאָר מגולגל געוואָרן אין אַן אינספּיציענט, צוויי מאָל אַרײַנגעשריען אין דער גאַרדעראָבע:

א. קאַרפּינאָוויטש

— זובאַק, צום אויפטריט!

זובאַק האָט זיך אָנגעטאָן אַ כוח און אַרויס אויף דער בינע. מענדקע, דער בינע־אַרבעטער, האָט געהויבן דעם פאָרהאַנג.

ווען ס'איז געקומען צו זיין רעפּליק, האָט זובאַק פאַרוואָרפן אַ ברעג פעלערינע איבערן אַקסל און זיך מכין געווען אָנצוהייבן זיין אויסגעבענקטן מאָנאָלאָג, אָבער ווי נאָר ער האָט געעפנט דאָס מויל האָט ער זיך אַזוי צעשלוקערצט, אַז די אויגן זענען אים שיער ניט אַרויסגעקראָכן. עס האָט אים געכאַפּט דער בויך און פון די קראַמפּן איז ער אַוועקגעפאַלן, כאָטש נעם און טראָג אים גלייך אויפן נייעם בית־עולם. ס'איז געוואָרן אַ לאַפּייצע. ווייבער האָבן זיך צעקוויטשעט. מען האָט אָנגעהויבן לויפן איבערן טעאַטער. מענדקע האָט געצויגן דעם פאָרהאַנג.

*

זובאַק איז אַוועק פון טעאַטער. שטרייטמאַן האָט אים געסטראַשעט צו דערשיסן. ער האָט זיך געקאָכט: ווי קומט אַן אַקטיאָר, אַ קולטורמענטש, זאָל אָפּטאָן אַזאַ זאַך? און וווּ? אין ווילנע! צו נעמען און זיך איבערפרעסן מיט אַ טשאָלנט פאַר אַ פּרעמיערע, און וואָס פאַר אַ פּרעמיערע!

פערעלע האָט צוגעטוליעט זובאַקן אויף אַ שטיקל טאַפּטשאַן ביי זיך אין צימערל. איצט קרענקט זי נאָך מער. זי לעבט איבער פאַר זובאַקן. זי האָט אים אַ מאָל אַ פרעג געטאָן:

— זובאַק, נו זאָג אַליין, צו וועלכן שוואַרציאָר האָסטו געדאַרפט די גאַנצע מעשה מיטן טשאָלנט?

זובאַק האָט אַ קוק געטאָן אויף פערעלען און זיך צעשמייכלט:

— פאַר דיר, פערעלע, פאַר דיר. כ'האָב געוואָלט דיר מיט עפּעס דערפרייען...

פערעלע האָט אַ כאַפּ געטאָן זובאַקס האַנט און דאָרט אַריינגעוויינט:

— נו, זעסטו דאָך, זובאַקל — אַ פּנים אונדז איז ניט באַשערט די פרייד... מענטשן האָבן פון אונדז הנאה געהאַט, און מיר אַליין...

זובאַקן האָט זיך געריסן דער קול:

— מילא, קלעם זיך ניט פערעלע, איז ניט טעאַטער, אַבי צוזאַמען. קיין סך איז שוין ניט פאַרבליבן...

זובאַק האָט זי טאַקע געטרייסט, אָבער וועגן טעאַטער האָט ער איר קיין אמת ניט געזאָגט.

ער קומט אַ מאָל צו אַ פֿאָרשטעלונג. ער זיצט גאָר ווייט, אין דער לעצטער ריי. אָבער ער גייט אַוועק אין מיטן. ערשטנס, האָט ער זיך אויסגעלערנט צו לאָזן אַ טרער ווי אַ פּראָסטער משה און ער וויל ניט די קאַיאַפֿן זאָלן עס זען. צווייטנס, האַלט ער ניט אויס, וואָס אַלע שפּילן און ער ניט. וואָס וואָלט ער ניט געטאָן, אַבי צו זיין מיט זיי אויף דער בינע.

זובאַק שאַרט זיך אַרויס פֿון טונקעלן טעאַטער־זאַל און גייט, נאָך מער איינגעדרייט ווי פֿריער, צוריק צו פֿערעלען אויף זאַרעטשע, איבער־קלעפּן אין אַ נייעם אַלבאָם די אַלטע, פֿאַרגעלטע צייטונגס־אויסשניטן מיט רעצענזיעס וועגן אים — די איינציקע טרייסט וואָס אים איז פֿאַרבליבן.



...און טיף אין האַרצן ביי לייקען האָט אַן אָדערל געקלאַפּט — אפשר... אפשר...

# לייקע די שוואַרצע

אָנגעהויבן האָט זיך עס דערפון, וואָס סיאָמקע קאַגאַן, דער רעפּאָרטער פון „ווילנער טאָג״, איז אַריין אין אַ מלחמה מיט סאָפּיאַניקעס. סיאָמקע האָט נישט געקאָנט צוזען דיליידן פון די מוידן אין די סאָפּיאַניקער פריילעכע הייזלעך, און באַשלאָסן זיך אָנצונעמען זייער קריוודע.

האָט ער זיך אָנגעטאָן די אויסגעבייטע קאָסאָוואָראָטקע און אַוועק רעדן מיט די באַנדערס, יענע זאָלן באַפרייען די מוידן פון זייער יאָך, אַניט וועט ער עס צעטראָגן אויף טעלערלעך אין בלאַט און גאַנץ ווילנע וועט זיך דערוויסן וועמען זי האָט ביי זיך.

דעם ערשטן באַזוך האָט סיאָמקע געמאַכט ביי טאָוושען דעם מלאך. פאַרשטייט זיך, אַז טאָוושע האָט אויפגענומען סיאָמקען ווי אַ קיסר — פּאָרט אַ בעסערער יינגל. מ׳האָט אין דער פאָדערשטער שטוב געמאַכט אַ טיש, מיט בראָנפן און געהאַקטע לעבערלעך, און סיאָמקע האָט אויסגעלייגט פאַר טאָוושען זיינע פּרייהייטס־טעזיסן.

טאָוושע איז געזעסן קעגנאיבער, געזשמורעט אויף סיאָמקען מיט די אויגן, ווי אַ פאַרזינדיקטער קאָטער, און געלאָזט אים רעדן זיינע פייער־דיקע רייד. דערנאָך האָט ער אים געענטפערט פּונקט ביי פּונקט. ערשטע זאַך — ווי פּאַסט עס פאַר אַ וויטישן יונגנמאַן ווי סיאָמקע זיך מישן אין אַזעלכע זאַכן?... צווייטנס — אַרבעט מען ניט אויף סאָפּיאַניקעס אין פאַבריקן און מען זעגט דאָ ניט קיין קלעצער. דאָס מיידל וויל, שטעלט זי זיך אָפּ מיט אַ גאַסט. וויל זי ניט... כאַפּט זי אַ פּאָר קלעפּ... איז וואָס? זי איז פון גלאָז?... אויסער דעם באַקומט זי פון כל־טוב. עסן און טרינקען און וואָס ניט? דאַרף זי אַ מאַנטל, גייט מען מיט איר צו נאָזן אין טאַנדעט. דאַרף זי אַ לענטע, אַ קנעפּל, איז פאַראַן אַ שרה קלאַק; און אַלץ אָן אַ גראָשן. אויפן ביכעלע. איי, זיי קריכן קיינמאָל ניט אַרויס פון די חובות, איז ווער הייסט זיי אָננעמען איבערן האַלדז? און וועגן וואָס, אייגנטלעך, רעדט מען דאָ? וועגן אַ ביסל שיקסעס, וואָס אין גוטע יאָרן טרויט מען זיי ניט אַרויסצוטראָגן דעם טריפהנעם עמער... טאָמער זענען דאָ אויפן

גאַס אַ דריי, פיר יידישע קינדער, האַלט מען זיי דאָך ווי אייגענע. יום־כיפּור פאַרשליסט מען די שטוב, און פּסח־צייט, אַז עמיץ וויל פאָרן צו די קרובים אין שטעטל, רייסט מען איר אויך ניט פאָרן קלייד. היינט וואָס איז דאָ דער גאַנצער טומל? אַדרבא, זאָל מען אַריינרופן לייקען און סיאָמקע זאָל רעדן מיט איר, זאָל זי זאָגן וואָס זי לייגט צו צום געשעפט.

לייקען האָט מען טאַקע אַריינגערופן, אָבער סיאָמקע האָט מיט איר ניט גערעדט. זי איז געשטאַנען ביי דער טיר פון איר אַלקער און צוגע־האַלטן מיט אַ נאַקעטער האַנט די פאָלעס פון איר געבלימטן כאַלאַט, זיי זאָלן זיך ניט פאַנאַנדערלויפן.

טאָוושע האָט איר געטאָרעט דורך פאַרפרעסטע ציין: „זאָג עפּעס, לאָכודרע"... — און דערביי געלאָכט מיט יאַשטשערקעס צו סיאָמקען — מ'קאָן מיינען, אַז מען האַלט איר דאָ אין קיידאַנקעס... לייקעס שווייגן האָט געגעבן סיאָמקען מאַטעריאַל אויף אַ צענדליק באַשרייבונגען וועגן דעם סאָפּיאַניקער עמק הבכא. פון דעם האָבן געוווּנעןביידע צדדים — אי מען האָט געריסן די ציימונג פון די הענט, אי די לייזונג אויף יענער גאַס האָט זיך זייער געשטאַרקט. פאַרגעשריטענע יונגעלייט האָבן זיך אָנגעהויבן אַראָפּכאַפּן אין די אָוונטן צוזען די עוולות, און די שיקסעס האָבן געקאָנט פאַרקוועטשן אַ פּאָר גילדן אין זייערע דאָרפישע קעסטלעך אונטער די בעטן. די באַנדערס, אָבער, זענען ניט געווען צופרידן — מ'האָט זיי פאַרשעמט. פרויקע די קוליע האָט פאָרגעלייגט, מ'זאָל דינגען אַ שרייבער, יענער זאָל אין „אָוונט־קוריער" אָפּענטפערן סיאָמקען, ס'זאָל אים ליכטיק ווערן אין אַן אויער. אָבער דער פאָרשלאַג איז אָפּגעפאַלן — וואָס וועט מען זיך נאָך שוואַרצן ס'פּנים? מ'האָט זיך אָפּגערעדט ניט צו לאָזן סיאָמקען איבער דער שוועל, און טאָוושע דער מלאך האָט אויסגעלאָזט זיין ביטערע האַנט צו לייקען — ווען זי זאָגט דעמאָלט אַ וואָרט, און שטייט ניט ביים טיר, כאָטש מעלק איר אויס, וואָלט סיאָמקע ניט געהאַט װעגן וואָס צו שרייבן, און סאָפּיאַניקעס וואָלט ניט געוואָרן אַ שם־דבר אין ווילנע. ס'איז טאַקע געווען אַזוי. סיאָמקע האָט געשריבן, אַז דער ווייסער שקלאַף, לייקע די שוואַרצע, האָט מורא געהאַט צו רעדן אין אָנבליק פון אירע באַדריקער, אין דער געשטאַלט פון טאָוושען דעם מלאך, און דאָס שווייגן אירס האָט נאָך מער באַשטעטיקט דעם אַנטבלויזטן אמת.

לייקע האָט זיך זייער געערגערט. צייט סיאָמקע האָט איר געמאַכט

באַרימט, איז ניט אַוועק אַ טאָג, ס׳זאָל ניט אַראָפּקומען אויף סאָפּיאַ־ניקעס א יאָלד אין אַ קאַפּעליוש, און זיך אויספרעגן ביי איר וועגן טאַטע־מאַמע און דעם פאַרפירער. ס׳זענען איר אַפילו ניט ניחא געווען די פּאָר גילדן, וואָס זיי פלעגן איבערלאָזן אומזיסט אומנישט.

טאַמאַרע די גרויסע האָט געעצהט לייקען, יענע זאָל דערציילן, אַז איר טאַטע איז געווען דער אַנטאָקאָלער רב, און פאַרפירט האָט איר גראַף אָגינסקיס בן־יחיד. דער זעלבער גראַף, וואָס האָט געהאַט דעם פּאַרק אין פּאָספּיעשק, נעבן דער ווילִיע. אַזאַ מעשה וועט געפעלן די פרייערס און געלט וועט זיך שיטן ווי קאַשטאַנעס; אָבער לייקע האָט ניט געוואָלט נאַרן מענטשן. איר מאַמע, בערטיצקע די לוכטע, האָט איר פאַרן טויט אָנגעזאָגט: „לייקע, מיין קינד, איך לאָז דיר איבער די חזקה אויף שורס לאַווע, פון בריק אויף טאַרגאָווע ביז צום סאַמע וואָקזאַל און איך בעט דיר — פאַרשעם מיך ניט. פיר אָרנטלעך דיין ברויט. דעם גאַסט זאָלסטו געבן זיינס, און זיך זאָלסטו נעמען דיינס״... לייקע האָט זיך טאַקע געפירט אַזוי, און, גאָט צו דאַנקען, זי האָט געהאַט שיין פּרנסה. נאָר צייט ס׳איז אַרויס די גזירה, אַז מען טאָר ניט גיין אין גאַס, נאָר שטיין הינטערן טיר און ווינקען דורכן שויב, האָט זיך לייקע געמוזט אַריינ־קלייבן צו טאָוושען. וואָלט אויך ניט געווען אַזוי שלעכט, איז געקומען סיאַמקע און אַלץ איבערגעדרייט. ניט נאָר אין געשעפט, אויך אין קאָפּ. אַז לייקע האָט דאַן דערזען דאָס ערשטע מאָל סיאַמקען, האָט זי פאַרלוירן ס׳לשון. ער איז געווען אַ יונג, אַ בילד. דער קאָפּ האָר מיטן נאָז — קייזערלעך. היינט זיין רעדן, זיין זשמענטעווען מיט די אויגן — אַ כּפּרה וויטלער אין נאָווגאָראָדער טעאַטער. אויסער דעם האָט ער גאָרניט קרום גערעדט. לייקע האָט עס געהערט דורכן הילצערנעם ווענטל פון איר אַלקער. טאָוושע גיט טאַקע דאָס ווינקל, אָבער געלט נעמט ער ווי פּאַר טישקעוויטשעס פּאַלאַץ. מיט אַלע קראָמען האָט ער בלאַט, און פון יעדער קניה נעמט ער אַראָפּ חלה. פון אַלע גליקן בלייבט איבער קוים אויף פּודרע. דאָס אַלץ האָט סיאַמקע פאַרגעוואָרפן טאָוושען, און ער האָט געטראָפן אין פּינטל אַריין. לייקע האָט זיך נאָר געוווּנדערט, ווי אַ וויטישער ווייס דאָס פון אַלע מעשיות און קאָן דאָס געשעפט אויסנווייניק. שפּעט ביינאַכט, ביי פאַרהאַקטע לאָדן, איז לייקע געלעגן אינדערפינצטער, גע־טראַכט וועגן סיאַמקען און ניט געקאָנט זיך דערטראַכטן, וואָס טרייבט

אַ וויטיש יינגל זיך אָנצונעמען די קריוודע פון סאָפּיאַניקעס. מילא אַ חתן, קאָן מען נאָך פאַרשטיין, יענער האָט דערפון, אָבער אַ זייטיקער? איז אפשר מיינט ער טאַקע גאָרניט, נאָר איר ביטערע דאָליע?

...און לייקע, וואָס איז שוין געווען אַן אָפּגעבריטע און זיך מיט קיינעם ניט געבונדן, האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן רעדן צו סיאָמקען. זי האָט אים דערציילט וועגן איר ערשטן מאָל אַרויסגיין אין גאַס, ווייל ווו האָט געקאָנט גיין בערטיצקעס טאָכטער? כיבע אין דר׳ערד אַריין, צוזאַמען מיט דער מאַמען. ווער האָט געהאַט אַ דאַגה וועגן איר? טאָמער האָט זי זיך געשטעלט דינען ביי גאָרדאָנען פון גאַרבאַרניע, האָט די מאַדאַם געפונען אויף איר אַ חסרון — ווי פאַר אַ דינסט איז זי צו שוואַרץ און די אויגן גייען אום ביי איר. ביי טראָצקין פון דער אָלעיאַרניע האָט דער זון, דער גימנאַזיסט, אָנגעהויבן פּלוצעם גיין טרינקען וואַסער אינמיטן נאַכט. איז זי ווידער געווען שולדיק. דערנאָך האָט זי סיאָמקען דערציילט וועגן יאָסקען די קובעלע, וואָס האָט איר איבערגעלאָזט און אַנטלאָפן קיין אַמעריקע צוליב אַ גניבה אויף בונימאָוויטשעס וועטקע. שוין לאַנג האָט זי זיך ניט געהאַט אַזוי אַראָפּגערעדט פון האַרץ, ווי די נאַכט. לסוף איז זי אַנטשלאָפן געוואָרן מיט סיאָמקעס טשופּרינע פאַר די אויגן.

דער פאַרטאָג האָט אַריינגעקוקט דורך די שפּאַלטן פון לאָדן און געבלייכט לייקעס טונקעלן פּנים. אַ שטילע ראָזקייט האָט געריזלט פון אונטער דער הויט אויף אירע באַקן, געוואָלט מקבל זיין די אויפגייענדיקע העלקייט, אָבער דער קאָפּ האָר, צעוואָרפן אויפן קישן, ווי אַ הויפן קוילן אויף שניי, האָט אַלץ פאַרשאָטנט. דער פּוד אויף דער אויבערשטער ליפּ האָט נאָך מער אויסגעטיילט איר רויטע טרוסקאַווקע־מויל, און געשניצט אויף גלייך די ירושה־נאָז פון אַ צאַרישן אָפיציר, אַ קראַסאַוויעץ.

גאָרדאָנאָווע האָט טאַקע ריכטיק געזאָגט אויף לייקען — זי איז געווען צו שוואַרץ, און צו חנעוודיק.

*

דערווייל האָט זיך געמאַכט אַ מעשה און סיאָמקע האָט איינגעריסן מיט מלכות. ער האָט זיך פאַרנומען אויף גאָר גרויס, ממש איבערדרייען די מדינה. פאַרשטייט זיך, אַז דער קאָמיסאַר פון דריטן קאָמיסאַ־ריאַט האָט ניט גערוט, און געשיקט אַ פּאָר שמעקערס צו סיאָמקען

אין שטוב אַריין. אָבער זיי האָבן אים שוין ניט געפונען. דער שמעקער קאָזשיק די אויגעלע, וואָס האָט געהאַט אַ חודשלעכן געהאַלט ביי די ווילנער בלאַטע, אויסער אומזיסטן בראַנפן, האָט אַ טאָג פריער געגעבן אַ שושקע זעליקן בעל טובה וועגן סיאָמקען. כאָטש די אָבידע אויף סיאָמקען איז נאָך ניט געווען אַרויסגענומען, האָט זעליק באַפוילן דער טאָכטער זי זאָל גלייך לויפן אים אָנזאָגן, אַז מען האָט אים פאַרשאָטן, און ער זאָל זוכן אַ מאַלינע. סיאָמקע האָט טייבקען זייער שיין באַדאַנקט, געהייסן גריסן דעם טאַטן, איינגעפּאַקט עטלעכע שטיקלעך וועש אינעם רוקזאַק, און געלם געוואָרן פון שטוב; אָבער ווו זיך צו באַהאַלטן האָט ער ניט געוווּסט. פריינד אין שטאָט האָט ער טאַקע געהאַט אַ סך, אָבער דאָס זענען אַלץ געווען רעוואָלוציאָנערע אַדרעסן, ווי קאַרפּאָוויטש דער שוסטער, צי נאַכקע דער רימער, אַרויף שניפּעשיק, אָדער אַפילו לייזער וואָלף, דער פּאָעט, וואָס האָט זיך געגעסטיקט אין אַ קעלער נעבן האַלץ־מאַרק.

ער האָט קיינעם ניט געוואָלט אויסשטעלן אויף צרות. פּאָרט אַ פּאָליטישער. האָט ער זיך אַרויסגעדרייט פון שטאָט מיט אַן אַראָפּגערוקט היטל און דעם רוקזאַק אויף דער פּלייצע, כלומרשט ער גייט אין טראָק שווימען אַ ביסל איבער דער אָזיערע. אַזוי איז ער אַריין דורך גרויס־פּאָהולאַנקע אין זאַקרעטער וואַלד, און פון דאָרט האָט ער געשפּאַנט מיטן ברעג ווילִיע צו אַנטאָקאָל.

די זון האָט געריטן אויפן קופּערנעם קופּאָל פון דער ראָמאַנאָווסקער צערקווע, וואָס אויף פּאָהולאַנקע, און ניט אַראָפּ פון דאָרט, ביז דאָס געקלינגעריי צום אָוונט־געבעט האָט זי אַרויסגעהויבן פון מעטאַלענעם זאָטל. האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט צום טייך אָפּקילן ס׳צעהיצטע פּנים. די ביימער האָבן זיך צעקרעכצט אינעם האַלב־טונקל. גאָט צו דאַנקען, מען קאָן שוין אָפּכאַפּן דעם אָטעם, און סיאָמקע איז נאָך אַלץ געגאַנגען. ער האָט בכיוון געמאַכט אָט דעם אומוועג, כדי מ׳זאָל טאַקע מיינען, אַז ער איז אַוועק קיין טראָק. ער האָט זיך פאַרבייגעשלייכט די שיפלעך אונטער דער גרינער בריק, דערנאָך האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין טעליאַטניק, און פון דאָרט צו די קרייצבערג. די זון, מיד פון אַ טאָג שטיפערייען, איז שוין געווען אַוועקגעפאַלן הינטער דער ווילִיע. סיאָמקע איז אַרויפגעשטיגן דעם באַרג אינדערפינצטער. ער האָט דאָ געקענט יעדן שטעגל. אַזוי

פיל מוידן זענען אין די זומערדיקע נעכט געשטיגן מיט אים אויפן באַרג, כדי צו זען, אין זיינע אָרעמס, ווי ווילנע פּלעמלט דורכן חושך. איצט איז ער געלעגן איינער אַליין, מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט צופוסנס די דריי בלאָסע קרייצן, און צוזאַמען מיט דער זאָרג וועגן א נאַכטלעגער און אַ מאָלצייט, האָט ער געקאָכט אַ בריענדיקע נקמה אויף די טיראַנען, וואָס וועט זיכער קומען, גאָר גיך קומען...

*

שוין באַלד אַ וואָך, ווי סיאָמקע ליגט אַ קראַנקער אין לייקעס אַלקערל. ביז ער האָט אין יענער נאַכט, ווען ער איז פאַרקראָכן אויף די קרייצבערג, זיך דערטראַכט צו זוכן ביי לייקען אַ באַהעלטעניש, האָט ער געכאַפּט אַ ציטער, מן הסתם פון ליגן אַ פאַרשוויצטער אויף דער פייכטער ערד. לייקע איז געווען געוווינט צו שפּעטע געסט, אָבער אויף סיאָמקען האָט זי זיך אינגאַנצן ניט געריכט. זי האָט זיך זייער פאַרלוירן; נאָר אַז סיאָמקע האָט אָפּגעלייגט דעם רוקזאַק און געפרעגט צי ער קאָן באקומען ביי איר אַ גלאָז טיי מיט אַ שטיקל ברויט, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז געשען מיט אים, און ער איז ניט געקומען אַהער פאַרברענגען. דערנאָך איז ער אָוועקגעפאַלן ווי אַ סנאָפּ, און לייקע איז געלעגן אויפן ברעג בעטל און מורא געהאַט זיך אָנצורירן אָן אים. אינדערפרי האָט ער ניט געקאָנט אויפהויבן דעם קאָפּ. ער האָט בלויז געבעטן לייקען, זי זאָל קיינעם ניט דערציילן, אַז ער געפינט זיך ביי איר און ווידער פאַרמאַכט די אויגן. לייקע האָט געכאַפּט אַ טיכל אויפן קאָפּ און אַוועקגעלאָפן צו ברוקן דעם פעלדשער בעטן אַ רפואה אויף קדחת. ברוק דער פעלדשער האָט דווקא געוואָלט זען דעם חולה, נאָר לייקע האָט אים פאַרזיכערט, אַז ס'איז ניט ווערט דער גאַנג. טאַמאַרע די גרויסע האָט זיך א ביסעלע פאַרפּיאַנעוועט און געלעגן אַ גאַנצע נאַכט מיט די פיס אין ווילענקע. זאָל נאָר ברוק געבן עפּעס אויף אויסשמירן, איינגעמען, וועט זי זיך אויסלעקן. אַזוי איז טאַקע געווען. סיאָמקע האָט זיך אויסגעלעקט. פון טאָג צו טאָג איז אים בעסער געוואָרן.

די צייט וואָס סיאָמקע איז געלעגן, האָט לייקע קיין גראָשן ניט פאַרדינט. זי האָט טאָוושען געצאָלט פון איר קניפּעלע, נאָך פון דאַן, ווען די יאָלדן פלעגן קומען פאַרשן די מאָראַליש־געזעלשאַפטלעכע סיבות פון

איר פּינצטערן מעמד. די פּאָר גילדן האָבן זיך גיך אויסגעלאָזט. לײיקע האָט געגאָסן סיאָמקען גאָלד אין האַלדז. אַלע טאָג צוויי געציבלטע קוכעלעך, אַ טעפּעלע סמעטענע מיט פרישע ראַדישקעס, עוף. סיאָמקע האָט זיך טאַקע געמאַטערט ביים שלינגען. אין האַלדז איז אים געווען גוט געשוואָלן, נאָר ווי עס איז פלעגט עס אַלץ אַראָפּ. — דער אַפּעטיט איז אינגאַנצן ביי אים ניט צוגעקילט — האָט זיך לײיקע געוווּנדערט, בעתן צונעמען פון אונטער זיין נאָז דעם ליידיקן טעלער.

אויסער מיט געלט, איז אויך לײיקען געוואָרן שווער מיט טאָוושען. טאָוושע דער מלאך האָט זיך צעשריגן, אַז דאָס געשעפט פאַדערט, די טיר זאָל זיין אָפן. דאָ איז ניט קיין אַכסניה. דער גאַסט וועט דאָ אייביק ניט שלאָפן, און דערווייל שלאָגט מען אָפּ די שטוב. נאָך איין וואָך פאַרגעסט מען, אַז ס׳איז פאַראַן אַ טאָוושע אויף סאָפּיאַניקעס, און כאָטש נעם זעץ זיך שרייבן אַ ספר־תורה. לײיקע האָט געפּרוווט ענטפערן, אַז דאָס בעטל־געלט איז דאָך באַצאָלט, האָט איר טאָוושע זייער האַרב מסביר געווען, אַז אַ שטוב לעבט ניט פון דירה־געלט. אַ שטוב לעבט פון אַריין און אַרויס. ביים פרייער וועט זיך דאָך ענדיקן די פּאָר גילדן, פון וואָס וועט ער דאַן צאָלן? טאָוושע האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און אָנגעזאָגט בפירוש, אַז זי זאָל אָביאַווען דעם שמיגיילע וואָס גיכער אַרויפּציען די שיך, און ביז פּאָפּלאַוועס זאָל ער זיך ניט אומקוקן אויף היגטער, ווייל ס׳קאָן אים נאָך אַ מאָל שאַטן פאַר די אויגן...

סיאָמקע האָט זיך געשטעלט אויף די פיס. אינדערפרי האָט אים לײיקע איבערגעלאָזט אַ טשוגון הייס וואַסער זיך אַרומצוואַשן און אַליין איז זי אַוועק מיט זיינעם אַ בריוועלע, געשריבן אויף אַ פּאַפּיראָסן־גילזע, צו קאַרפּאָוויטשן דעם שוסטער.

איידער זי איז אַרויס פון שטוב, האָט איר סיאָמקע אַ מאָל צען אָנגע־זאָגט, אַז טאָמער שטעלט איר ווער אָפּ, זאָל זי אויפעסן די גילזע. לײיקע האָט אים פאַרזיכערט, אַז ס׳איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן. זי איז אַ קאָנטיקע און אַ מאַנסביל האָט ניט קיין בלוטן צו פאַרטשעפּען אַ פרויענצימער פון פּאַך אינמיטן העלן טאָג. פון דעסטוועגן האָט סיאָמקע זייער איבערגע־טראַכט, ווען לײיקע איז ניט געקומען אַזוי גיך צוריק. איז דאָס נאָך ווייניק געווען, האָט ער בעתן פאָרן מיטן גאָלמעסער איבערן פּנים זיך געכאַפּט, אַז ער בענקט נאָך איר, און ערשט איצט, אַז ער איז שוין געווען

צוריק ער — אינעם אויסגערייניקטן אַנצוג, מיט אַן אויסגעפּרעסט העמד, וואָס לייקע האָט צוגעגרייט, האָט ער ערשט באַנומען, וואָס זי האָט געטאָן פאַר אים. נאָר אַזוי ווי ער איז געווען זייער שטרענג צו זיך, און זיך געמיט אָפּצוהיטן זיינע געפילן פאַר די גאָר הויכע צילן, האָט ער געענדיקט דאָס גאָלן זיך, וואָס אַן אמת, מיט אַ ביסל אַ ציטערדיקער האַנט, און באַשלאָסן אָפּצודאַנקען לייקען, ניט אַזוי פערזענלעך, ווי אין נאָמען פון דער גאַנצער באַוועגונג; און כדי ניט נכשל צו ווערן מיט מחשבות, וואָס האָבן ניט צו טאָן מיט אויסבעסערן די וועלט, האָט ער אַרויסגענומען פון רוקזאַק אַ בלעטל ריין פּאַפּיר און זיך אַוועקגעזעצט שרייבן אַ ליד. וועגן וואָס? נישקשה, ער׳ט זיצן אַזוי, פאַרקוקט אינעם האַלב־פאַרהאַנגענעם פענצטער צו אַ פּאַס ווילענקע, וואָס פאַרציט דעם אויסגעפּוישטן ברעג פון אַרויף סאָפּיאַניקעס ביזן פּאָפּלאַווער בריק, וועט שוין וואָס עס איז קומען. אויף דעם איז ער אַ פּאָעט.

*

איידער לייקע האָט געפונען קאַרפּאָוויטשעס שטיבל, אַרויף נאָוואָ־כטרויקע, איז אַוועק אַ גוטע פּאָר שעה. קאַרפּאָוויטש איז געזעסן ביים וואַרשטאַט און געגרייט פויערשע שטיוול צום דינסטיקדיקן מאַרק־טאָג אויפן האַלע. לייקע האָט אים איבערגעגעבן דאָס בריוול. ער האָט אַראָפּ־געלאָזט נידעריקער אויפן נאָז די בלעכענעברילן און גענומען עס שטודירן פון אַלע זייטן. דערנאָך האָט ער לאַנג געבורטשעט אויף ווייסרוסיש אונטער די געל־גרינע וואָנצעס, פון וואָס לייקע האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען זי קומט נאָכן מאַרק־טאָג, וואָלט געווען אַ סך בעסער, און אויף צו געבן אַן ענטפער דאַרף ער אַרויסגיין אין גאַס זיך זען מיט וועמען. קאַרפּאָוויטש האָט אַוועק־געשטעלט אויפן טיש אַ לאָדישעק זויער־מילך מיט אַ האַלבן שוואַרצן ברויטל, געהייסן ניט ענטפערן אויף קיין קלאַפּערייען אין טיר און פאַר־שלאָסן די כאַטע פון דרויסן.

לייקע האָט זיך אַזוי לאַנג געדרייט איבערן קאַמער, ביז זי האָט גענומען דעם בעזים פון ווינקל און אויסגעקערט די פּאָדלאָגע. דערנאָך האָט זי אָפּגעגעסן די זויער־מילך מיט אַ שטיקל ברויט און געבליבן זיצן פאַרלייגט די הענט. קאַרפּאָוויטש האָט זיך געזוימט. לייקע האָט געטראַכט — וואָס האָט זי זיך פאַרלייגט אויף סיאַמקען? די פּאָר גילדן

זענען פאַרפּאַסט. געסט האָבן זיך אָפּגעשלאָגן. פרעמדע העמדער וואַשט זי. אין שליחותן גייט זי. היינט וואָס איז די גדולה?

לייקע רעדט עס אין זיך און פילט ניט דערביי קיין אָבידע, ניט אויף זיך און ניט אויף סיאָמקען. פאַרקערט, ס'איז איר גוט אויפן האַרצן, ווי קיינמאָל ניט. זי זעט דורכן פענצטער ווי צוויי שוואַלבן שלאָגן זיך איבער אַ שטיקל וואָרעם און זי שמייכלט. אַ מאָל וואָלט זי געזאָגט אויף דעם — נעבעך; אָבער איצט זעט זי אינעם רייסעניש פאַרן שטיקל ברויט אויך דעם שפּרונג, דעם געפּלי, דעם באַריר שנאָבל צו שנאָבל. שמייכלט זי נאָך מער און באַשליסט פרעגן ביי טאַמאַרען די גרויסע, וואָס זי איז אין פאָך מער יאָרן ווי זי, פאַרוואָס, אַז מען האָט פאַר וועמען אָנצולייגן מיטן קאָפּ, איז מען מער פאַרטשמעליעט ווי פון רייכסטן גאַסט...

*

לייקע איז צוריקגעקומען זייער שפּעט. ביז קאַרפּאָוויטש האָט זיך אומגעקערט פון גאַס און אויפגעטערכעט אויף אַ טעוועלע ביבולקע אַ תשובה צו סיאָמקען, איז שוין געווען אָוונט. קאַרפּאָוויטש האָט איר אויך אָנגעזאָגט, אַז טאָמער וואָס ווען, זאָל זי אויפעסן דעם בריוו. לייקע איז ניט געווען אַזוי גליקלעך, וואָס מען קאָרמעט איר אַ גאַנצן טאָג מיט פּאַפּיר, נאָר זי האָט געזאָגט — גוט, און אַוועק. פאַרבייגייענדיק קרומעקאָפּס הויף, אויף נאָווגאָראָד, האָט זי דערזען ווי שמעון דער איזוואָזשטשיק קלייבט זיך פאָרן מיטן פערד אין שטאָט אַריין. תחילת האָט זי געוואָלט צוגיין און אים בעטן, ער זאָל איר צופירן, כאָטש ביז ברייטע גאַס, און פון דאָרט וועט זי דערגיין צופוס קיין סאָפּיאַניקעס; אָבער דערנאָך האָט זי זיך באַטראַכט, אַז בעסער ניט. שמעון וועט אָנהייבן פרעגן פונוואַנען און מיט וועמען. ער מוז דאָך זיין אַ שותף צו אַלע מאַסעמאַטנס. איז זי געגאַנגען צופוס דעם גאַנצן מהלך און סיאָמקע איז געזעסן ווי אויף קוילן. ס'איז אים שוין ניט געווען אַזוי דאָס בריוול, ווי לייקע אַליין. און אַז זי האָט געעפנט די טיר, איז ער איר אַנטקעגנגעלאָפן מיט די הענט פאַרויס. לייקע האָט זיך ווידער זייער פאַרלוירן, ווי דאַן ביינאַכט. זי האָט אים אָפּגעגעבן קאַרפּאָ־וויטשעס בריוול און אַ צעפּלאַמטע, ווי אַ וויטישע נאָכן ערשטן קוש, איז זי אַרויס פונעם אַלקער, כלומרשט מען דאַרף גיכער איינקויפן עפּעס צו עסן, ווייל חיים־כאַנע דער סלעדז פאַרמאַכט באַלד דעם סעמער.

אַז לייקע איז געקומען צוריק פון גאַס מיטן לעבל ברויט און דעם צוואָרעך, האָט זי סיאָמקען געטראָפן גיין הין און הער איבערן אַלקער. זי האָט גענומען דעם טשייניק און אַרויס ברענגען פון אַנטקעגן, ביי טאַמאַרען, הייס וואַסער אויף טיי.

סיאָמקע האָט, שמירנדיק דעם צוואָרעך אויפן ברויט, געמוזט טראַכטן זייער אַ שווערע טראַכטעניש, ווייל ניט ער האָט געשמייכלט, ווי געוויינלעך, און ניט ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו איר. לייקען איז געווען זייער קאַלעמוטנע. מיט וואָס האָט זי דאָ פאַרזינדיקט? אָפּגעגעסן, האָט זי אויפגעראַמט דאָס טישל און זיך געסטאַרעט ניט אַריינצוגיין אים אין וועג, וואָס ער האָט אויסגעטראָטן פון וואַנט צו וואַנט. פּלוצעם האָט זיך סיאָמקע אָפּגעשטעלט און אויסגערופן:

— לייקע, כ'האָב דיר וואָס צו זאָגן!

לייקען איז שיער ניט אַרויסגעפאַלן דער טשייניק פון האַנט. ס'האָט איר אַ פּיק געטאָן אין קאָפּ — דער גוי, דער שוסטערוק, האָט אָנגערעדט אויף איר. יענער האָט גערילצעוועט דאָס בריוול און יעדע רגע געשטשירעט מיט די אויגן, ווי דער אמתער אורקע; אָבער זי האָט געהערט פון סיאָמקען גאָר עפּעס אַנדערש:

— לייקע, אין נאָמען פון... ניין... לייקע, אין מיין נאָמען... ווייל איך... קורץ — איך וויל דיר דאַנקען פאַר די טיי מיטן ברויט...

לייקע האָט פרייער אָפּגעאָטעמט.

— דאָס הייסט, ניט נאָר פאַרן עסן, נאָר פאַר אַלץ, וואָס דו האָסט געטאָן פאַר מיר. דורך דעם, וואָס דו האָסט מיר געגעבן שוץ, האָסטו געהאָלפן אַ באַוועגונג, וואָס קעמפט פאַר אַ בעסערער, אַ שענערער וועלט. די נייע עפּאָכע, וואָס מיר וועלן ברענגען, גאָר אין גיכן, וועט אָפּשאַצן דיין טאַט ווי אַ דערהויבונג פון די פאָלקס־מאַסן צו דעם אידעאַל, פאַר וועלכן מיר קעמפן איצט; ווייל דאָס איז ניט אַ פראַגע פון מיין פערזאָן. איך בין בלויז אַ סאָלדאַט אין אַן אַרמיי פון קעמפער און בויער. דאָס איז אַ פראַגע פון אַ קאַמף, וואָס בינדט מיך און דיך און נאָך הונדערטער, גאַנץ סאָפּיאַניקעס. האָסטו פאַרשטאַנען?

— ניין...

סיאָמקע איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל.

— האָסט גאָרניט פאַרשטאַנען?

— גאָר ניט...

— טאָ שטעל אַוועק דעם טשייניק אויף אַן אָרט...

לייקע האָט געפאָלגט.

— לייקע, איידער איך גיי אַוועק, וויל איך דיר זאָגן... נו, וואָס זאָל איך דיר זאָגן? ווען איך וויים פריער, אַז מיר וועט זיין אַזוי שווער זיך צו געזעגענען, וואָלט איך צו דיר ניט אַריין, כאָטש דאָס איז געווען דער איינציקער פלאַץ, ווו כ'האָב געקאָנט דערגיין פון די קרייצבערג.

לייקע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט און זיך צעוויינט.

— לייקע, איך בעט דיך...

— נו, וואָס זאָל איך טאָן? ס'האָט זיך עפּעס צעזשפּוזשעט אין מיר. כיי וואָלט איר גלייך אָנהויבן פון דעם און ניט פון די שענערע ווערטער...

— יענע זאַכן זענען וויכטיקער...

— ניט פאַר קיין עלנטע שטיינער, ניט פאַר מיינס גלייכן...

— אין דער נייער עפּאָכע וועט אַזעלכעס ניט זיין.

— איי, סיאָמע, סיאָמע. די וועלט וועט זיך איבערדרייען און סאָפּיאַ־ניקעס וועט בלייבן. נו, מילא, ווער בין איך, איך זאָל איך אַנטקעגנרעדן? איר האָט געזאָגט, אַז איר גייט אַוועק. איר האָט אַ נייע מאַלינע? פון מיין זייט... איר קאָנט זיין וויפל איר דאַרפט... איך...

— ביין, לייקע. איך דאַנק דיר זייער. עס וואַרטן אויף מיר נייע אויפגאַבן. מאָרגן פאַרטאָג וועט קומען אַ פור פון די טראָקער ציגיינערס, מיינע פריינד, מיך צונעמען. איכל זיי אָפּוואַרטן ביי דער פראַנצויזישער מיל, אַרויף קאָפּאַניצע.

לייקע האָט געווישט די אויגן און גערעדט אין נאָזטיכל אַריין:

— טוט ווי פאַר אייך איז בעסער. נאָר טאָמער דאַרפט איר זיך נאָך אַ מאָל מאַלינעווען... — און זי האָט זיך אויף ריכטיק פונאַנדערגעוויינט.

ביינאַכט האָט נאָך סיאָמקע געפּרוווט אויפקלערן לייקען עטלעכע שווערע סוגיאָס, וואָס שייך דער ליכטיקער צוקונפט. לייקע איז געלעגן אויפן ברעג בעטל, וויטלעך פון סיאָמקען און דער אייזערנער קאַנט האָט איר געשניטן אין זייט מער ווי אַלע מאָל. סיאָמקע האָט גערעדט און זי האָט זיך פאַרגעוואָרפן — וואָס איז זי אַזוי צעטראָגן? ס'האָט דאָך געמוזט אַ מאָל נעמען אַ סוף... אָבער לייכטער פון דעם אויספיר איז איר ניט געוואָרן. דער מאָרגנדיקער טאָג אָן סיאָמקען, אָן דער האָוועניש אַרום

אים, האָט זיך איר געצייכנט נאָך אומעטיקער און ביטערער ווי דער טאָג, ווען מען דאַרף גיין אויף קאָנטראָל צום דאָקטאָר.

ווער ווייסט ווו לייקע וואָלט פאַרקראָכן אין איר עצבות, ווען זי דערפילט ניט אויף זיך סיאָמקעס וואַרעמע הענט. תחילת האָט זי געמיינט, אַז זי האָט פאַרכאַפּט צופיל געלעגער און זיך אָנגעהויבן שאַרן מער צום ברעג, אָבער סיאָמקע האָט איר פעסט געהאַלטן, זי זאָל, חלילה, ניט אַראָפּפאַלן פון בעטל. לייקע האָט זיך זייער פאַרשעמט, זי האָט געמעגט שווערן, אַז ס׳האָבן איר געברענט די באַקן. זי האָט קוים אַרויסגע־שטאַמלט:

— סיאָמע, עס פּאַסט ניט פאַר אייך...

און סיאָמקע איז גאָר געוווען פאַרנומען מיט זוכן אינדערפינצטער אירע ליפּן. איידער ער האָט זיי געפונען, האָט נאָך לייקע באַוויזן, אַ גליקלעכע, אָפּצוזיפצן:

— אַ בעסערע וועלט, אַן אַנדערע וועלט, און מאַנצביל בלייבט מאַנצביל... אוי, סיאָמקעלע...

פאַרטאָג, לייקע איז נאָך געשלאָפן, האָט סיאָמקע זיך אַרויסגע־שלייכט פונעם אַלקער מיטן רוקזאַק אויף דער פּלייצע. ער האָט אַוועק־געשפּאַנט איבער די סאָפּיאַניקער הינטערהויפן, דורך קאָפּאַניצע, איבער־דרייען אויף בעסער דעם סדר עולם. און די זון, די באַנדיטקע, האָט געוווּנקען צו אים מיט אַן אויג פון אונטערן שלאָסבאַרג...

*

צוויי זאַכן זענען יענעם יאָר אַריבערגעגאַנגען אויף סאָפּיאַניקעס די ברעגן — די ווילענקע און לייקעס האַרץ. די ווילענקע האָט זיך אָנגעג־שיכורט. זי האָט פּלוצעם געוואָלט ווערן מיט טייכן גלייך און אויסגע־טרונקען פרילינג דעם גאַנצן שניי פון די קרייצבערג, אויסער וואָס עס האָבן איר אונטערגערוקט די שטראָמען ביי דער פראַנצויזישער מיל. זי האָט זיך געפּלאָנטערט מיט צוואָקלטע ברעגן דורכן בערנאַרדינער גאָרטן, כדי אַריינצושפּייען אין ווילִיע — אפשר וועט איר לייכטער ווערן. אויפן וועג האָט זי הפקרדיק געריטשעט, געשלעפּט אונטער די אָרעמס שטיקער פאַראומערטע ווערבעס און אונטערגעהאַקט די זייטן עטלעכע

סאָפּיאַניקער כאַטעס, מעשה יונגער כוח־גייער, וואָס וויל דערוויזן, אַז מען קאָן אים אַריינגעמען אין ברודער־פּאַראַיין פון ליטעס וואַסערן.

לייקעס האַרץ איז אויך געווען פול, איבער די ברעגן. צייט סיאָמקע איז אַוועק, האָט זי אויפגעהערט טאָן. זי איז אינגאַנצן אַרויס פון קאַליע. איסרקע דער מאַרקיאַר האָט דערציילט אויפן ביליאַרדאָווע, אַז לייקע איז געוואָרן וויטיש און טרייבט געסט. טאָוושע דער מלאך האָט זיך אויך אָנגעהויבן טראָקענען: וואָס איז ביי אים, אַן עזרת נשים, ניט דאָ געדאַכט? אַ גליק נאָך, וואָס די פּאַרפּליצונג האָט אונטערגעשוווּנקט דאָס שטיבל. ס׳איז געוואָרן אַ סכנה דאָרט צו וווינען. טאָוושע האָט דווקא געוואָלט איינרעדן לייקען, זי זאָל ניט מורא האָבן — די שטוב שטייט אייזן־מויער, נאָר טאַמאַרע די גרויסע האָט אים געווונטשן, ער זאָל האָבן אַ שטרוי אין אויג און אַ שפּאָן אין אויער און ער זאָל ניט וויסן וואָס פריער אַרויסצוקאַלופּענען, ווייל צוליב זיין פּרנסה וויל ער דער־טרינקען אַ יידיש קינד. טאַמאַרע האָט אַריינגענומען לייקען צו זיך, אין דערבייאיקן קאַמער, ביז דאָס וואַסער וועט אַראָפּ.

טאַמאַרע איז געווען זייער אויפגעטראָגן מיט לייקען. זי האָט קיין מאָל ניט פּאַרגעסן, ווי לייקע האָט איר געוואָרפן קעסטלעך פּאַפּיראָסן דורך די פּאַרקראַטעוועטע פענצטער פונעם לאַביי, אויף סאַוויטשער גאַס, ווען זי, טאַמאַרע, איז דאָרט, נעבעך, געלעגן אויף דער שיינער קרענק. איצט האָט זי געזען ווי לייקע דרייט זיך אום ווי אַ נעכטיקע, און דאָס האַרץ האָט איר וויי געטאָן אויף דער חברטע. זי האָט איר געפרעגט אפשר האָט זי געזען אין חלום אַ צעבטעלע פיק, אָדער אַ קאַץ גיין ראַקאָם, אָבער לייקע האָט געזאָגט — טשעפּע זיך אָפּ — גענומען דאָס טיכל און אַוועק איבערזיצן דעם טאָג אין בערנאַרדינער גאָרטן. טאַמאַרע האָט זיך פאַרשוווירן, זי זאָל ניט וויסן פון קיין גוטן גאַסט, אויב זי וועט איר נאָך אַ מאָל עפּעס פרעגן, אַבי זי זאָל נעמען ביי איר אַ פּאָר גילדן און עסן און טרינקען, ביז וואַנעט זי וועט ווערן אויס מעלאַנ־כאָלנע.

לייקע איז געזעסן אויף אַ באַנק אין בערנאַרדינער גאָרטן און געפירט מיט אַ ריטל אויפן זאַמד. די ווילענקע האָט אַרודעוועט הינטער איר רוקן. די ביימער האָבן געקלעפּט קנאָספּן אויף קאַשטאַנעס און לייקע האָט געצויגן ליניעס, זיי געצלמט, געפּרווט זיי אַדורכקרייזלען

איינס אין אַן אַנדער, און לסוף צעמעקט דאָס גאַנצע מיטן קנאַפּל. ווו זי האָט נאָר געפּירט מיטן ריטל, איז זי אַרויף אויף סיאַמקען. וואָס פאַר אַ כישוף האָט ער איר אָנגעטאָן, אַז דער קאָפּ אירער איז נאָר ביי אים און יעדע רגע ווייל זי וויינען? דוכט זיך, געהאַט האָט זי פון אים נאָר צרות. געלט איז איר אַוועק. און דאָך וואָלט זי גאַרניט וועלן, נאָר וואַשן זיינע העמדער און הערן ווי אָט, אָט, ברענגט ער די גאָלדענע בערג. און ניט אַזוי די גאָלדענע בערג, ווי זיין טאָלקעווען וועגן זיי. אַ מין נעמען אויפן זיכער. געפונען די טזשיזשע ווען דאָס אַלץ איינצורעדן. נאָך אים קומט אויס, אַז אַ גאַסיקע קאָן אויך אַ מאָל קומען צו אַ ברעג... נאָר ווי לייקע שטופּט ניט פון זיך סיאַמקעס רייד, קומען זיי צוריק צו איר, ווי צעלאָזענע, צעשטיפּטע קינדער, וואָס מ׳דאַרף זיי גאָר שטראָפן, נאָר די האַנט הייבט זיך ניט צו אַ קלאַפּ, מחמת ליבשאַפט.

לייקע האָט אַזוי געקאָנט זיצן שעהן, נאָר גראָד איז אַדורך דעם גאָרטן איסערקע דער מאַרקיאָר מיט אַ נייעם אַריינגייער אויפן ביליאַר־דאָווע, דעם סטודענט כאַנאָוויטש, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויפקומען מיט היימישע יינגלעך צוליב ראָמאַנטיקע. איסרקע האָט דערזען לייקען, איז ער צוגעגאַנגען און געפרעגט צי זי וויל גיין פאַרברענגען, ער האָט מיט זיך אַ געלטיקן פרייער. לייקע האָט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעשפּיגן פונקט פאַר זיינע שפּיצן שיך, געזאָגט — באָרוועסער מאַטראָס, פאַרלאַטע דעם הינטן — און אַוועק צוריק אויף סאַפּיאַניקעס.

*

אין אָוונט האָט טאַמאַרע פאַרפאַרבט די באַקן און זיך אָנגעטאָן די אַרבעטס־קליידער — אַ שמאָל רעקל מיט אַן אויפגעריסענעם שליץ ביז איבערן קני און אַ בלוזקע אָן אַרבל, מיט אַ טיפן איינשניט פון פאָרנט. זי האָט זיך געקליבן אין גאַס אַריין. נאָכן אַרויסגיין פון לאַביי האָט טאַמאַרע פאַרלוירן אירע סתם־געסט, די קאַפּראַלן פונעם זעקסטן לעגיאָ־נען־פאָלק, און זי האָט געמוזט זוכן פרנסה אויסער דער שטוב. די לעצטע פאַר נעכט איז זי גראָד געווען צופרידן, וואָס זי גייט אַוועק. טאַמאַרע האָט געטראַכט, אפשר וועט זיך לייקע באַדענקען אָנצוצינדן דאָס ראָזעווע לעמפּל, זיך אַוועקשטעלן אין טיר און ווערן מיט לייטן גלייך. אויך האָט זי געהאָפט, אַז א נייע צורה וועט איינציען דאָס אָרט,

און זי וועט ווערן אויסגעלייזט פון לויפן אויף די הויכע קנאַפּל זיך באַהאַלטן הינטער סווירסקיס בעקעריי, יעדעס מאָל ווען ס׳גייט דורך די גאַס מאַרצינקעוויטש דער פּאָליציאַנט, די אויגן זאָלן זיך אים איבער־דרייען אויף אינעווייניק.

טאַמאַרע האָט גענומען איר האַנטבייטל און אַריין צו לייקען זאָגן, אַז זי גייט אַוועק. זי האָט געפונען לייקען זיצן מיט אַ בויגן פּאַפּיר אין האַנט. לייקע האָט געהאַלטן דאָס פּאַפּיר אויף די קני און אויסגעגלעט זיינע ברעגן. טאַמאַרען האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן ביי אסתרן די טאַטאַרקע. יענע האָט אויך אַזוי לאַנג געגלעט פּאַפּיר ביז מען האָט איר אַוועקגע־פירט קיין אָלקעניק, צו די משוגעים; נאָר אַז לייקע האָט איר אויסגעצויגן דעם בויגן פּאַפּיר און מיט אַ פאַרטרערט קול געבעטן איבערלייענען וואָס שטייט דאָרט געשריבן, איז איר געוואָרן לייכטער. אַלעם ערשט האָט טאַמאַרע געוואָלט וויסן ווער און וואָס, אָבער לייקע האָט איר אָפּגעפּטרט — דערנאָך... פריער לייען...

און טאַמאַרע, וואָס איז געווען אַ גראַמאַטנע און געקויפט אַלע וואָך אַ פאַרזעצונג פון „רעגינע די שפּיאָנקע״, האָט געלייענט און זיך געקרימט נאָך יעדע צען ווערטער.

טאַמאַרע האָט געקייט די פערזן, ווי מצה, און לייקע האָט געוויינט. אַן אַנדער צייט וואָלט טאַמאַרע אויסגעבייטלט אַלע אירע בייזע חלומות צו דער חברטעס קאָפּ, ווייל ניט זי האָט תופס געווען וואָס זי לייענט און ניט זי האָט געוווּסט וואָס דאָס איז פאַר אַ געשריפטס. פון דאָס גאַנצע האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז אַ מעשה מיט אוגערקעס, היינט וואָס איז דער איינלייגן ווערלטן?... אָבער אַז זי האָט געזען ווי לייקע וויינט אַזוי ביטער, האָט זי זיך אָנגעהויבן בעטן ביי איר:

— לייקע, איך פאַרשווער דיר מיט די פריי, זאָלסט מיר שוין זאָגן, וואָס דאָ טוט זיך!...

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מיינע צרות? דאָס האָט סיאָמקע גע־שריבן, כ׳האָב עס געפונען ביי מיר אונטערן בעט...

און לייקע האָט איר אַלץ דערציילט.

טאַמאַרע איז אומגעגאַנגען איבערן קאַמער, געבראָכן די הענט, זיך געקניפּט די געפּאַרבטע באַקן און ניט געקאָנט קומען צו זיך, אַזוי

האָט זי זיך איבערגענומען. דערנאָך האָט זי זיך אַ ביסל באַרויִקט און גענומען טרייסטן לייקען:

— נו, איז וואָס? אַוועק, אַוועק. וואָס דען האָסטו געמיינט? ערט דיר אָנטאָן אַ שלייער? פאָלג מיך, לאָז איבער די טרערן אויף אַ קלאָפּ פון אַ גאַסט, ניט ס׳זאָל זיך דיר פאַרדריקן ס׳האַרץ אויף טרוקן.

— מילא, כ׳האָב שוין אַזויפיל געשלונגען אין זיך, וועט זיין נאָך אַ טראָפּן וואַסער.

— טאַקע, אַזוי, אַ טראָפּן וואַסער; אָבער די זאָלץ דאָרטן, לייקעלע, די זאָלץ קאָן קלעקן אויף צען טעפּ בולבע. איך זאָג דיר — פאַרזאָלץ זיך ניט, ווערסט כשרער ניט ווערן. טו זיך איבער, קום אַרויס אין גאַס און זאָלן ברענען אַלע יאָלדן.

— איך קאָן ניט, טאַמאַרע, איך קאָן ניט, ער האָט מיר אינגאַנצן צעדרומשקעט...

לייקע האָט לאַנג געווישט די אויגן. טאַמאַרע האָט זיך געקליבן גיין. אין קינאָ „עדען" האָט זיך באַלד געדאַרפט ענדיקן דער צווייטער סעאַנס. זי איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר, האָט איר לייקע געפרעגט:

— טאַמאַרע, אפשר ווייסטו וואָס האָט סיאָמקע געמיינט מיט דעם — צו די ווייטע וועלטן?

טאַמאַרע האָט אַ רגע אָנגעקוקט לייקען, ווי יענע וואָלט אָט ערשט געקומען פון דאָרט, און דערנאָך זיך צעשריגן:

— לאָז אָפּ די שרייבורעס, די פּאַיעטן. ער האָט געדאַרפט האָבן אַ גראַם, האָט ער אַריינגערוקט אַ פּלאָקן.

לייקע האָט זיך ניט אונטערגעגעבן:

— ניין, סיאָמקע וועט פּראָסט ניט שרייבן, ער האָט עפּעס געמיינט ד׳ערביי.

טאַמאַרע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַרויס פון קאַמער.

אַזוי איז די פראַגע געבליבן ניט פאַרענטפערט. לייקע האָט אויפגעלייגט סיאָמקעס ליד און עס באַהאַלטן צווישן די שוואַרצע טאָוולען פון איר רעגיסטראַציע־ביכל. זי איז אַרויס אין דרויסן. די ווילענקע איז שוין געווען גוט אָפּגעפּאַלן. זי האָט זיך געשאַרט ביי די ווענט אַ פאַר־שעמטע און זיך געמיט וואָס גיכער אַנטרינען צו ווערן פון דעם אָרט, ווו מען האָט איר געזען נאַריש שיכור. די לבנה, טאַקע ווי סיאָמקע האָט

געשריבן, איז געשוווּמען צו די ווייטע וועלטן. לייקע האָט נאָכגעפאָלגט איר הוידען זיך איבער די צעריסענע וואָלקן־כוואַליעס.

— און אַז איך וועל שוין וויסן ווו ער איז אַוועק, וועט מיר ווערן גרינגער? שפּילן אַ ליבע האָט זיך מיר פאַרגלוסט. קאָלט איז מיר געוואָרן... זאָל ער נאָר פּרווון קומען נאָך אַ מאָל אַהער...

און טיף אין האַרצן ביי לייקען האָט אַן אָדערל געקלאַפּט — אפשר... אפשר...

— — — — — — — — — — — — —

טאָוושע האָט אונטערגעמויערט די שטוב און לייקע וווינט שוין ווידער ביי זיך. גאַנצענע נעכט שטייט זי הינטערן שויב, אָבער צו קיין געסט ווינקט זי ניט. זי לעבט דערפון, וואָס זי איז אַ דערלאַנגערקע ביי בוקייקען אין קנייפּע, נעבן די האַלעס. דאָס האָט איר טאַמאַרע נאַראַיעט די אַרבעט. טאָוושע טשעפּעט איר ניט, ווייל, ערשטנס, צאָלט לייקע צו דער צייט דירה־געלט און צווייטנס, האָט אים טאַמאַרע אָביאַוועט, אַז טאָמער רעדט ער אַ וואָרט, גיסט זי אים אָפּ מיט אָלים. גאַנץ סאָפּיאַניקעס ווייסט פון איר, אַז לייקע איז צודרעטשעט פון אַ בריוו אין גראַמען.

און לייקע קוקט אין די נעכט דורכן שויב — אפשר...



אין אַזאַ טאָג האָט זיך דער פאָלקלאָריסט רובינשטיין
אַוועקגעלאָזן צום פישמאַרק קלייבן מאַטעריאַל...

# דער פֿאָלקלאָריסט

אויפֿן ווילנער פֿישמאַרק איז געווען פֿול. אינעם שמאָלן דורכגאַנג צווישן רייען באַלייעס האָבן זיך אַרומגעדרייט יידענעס פֿון דער גאַנצער געגנט. די ווייבער פֿון פֿאָפּלאַווע און זאַרעטשע האָבן זיך דערוווּסט, אַז מען האָט אָנגעפֿירט פֿון די בראַסלאַווער אָזערעס ביליקע שטינקעס, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן כאַפּן סחורה. ביי די פֿישערקעס האָבן געברענט די פֿינגער. ס'איז געווען אַ הייסער פֿאַרקויף. דאָ האָט מען ניט געדאַרפֿט ביי יעדן פֿישל אונטערהייבן די פֿלעטווע, כדי איינצורייידן אַז ס'איז דאָרט רויט — אַ סימן פֿון פֿרישקייט. מען האָט אָנגעוואָרפֿן דעם קונה אַ קאָשיק דרויב און אים געהייסן זיך רוקן ווייטער.

אין אַזאַ טאָג האָט זיך דער פֿאָלקלאָריסט רובינשטיין אַוועקגעלאָזן צום פֿישמאַרק קלייבן מאַטעריאַל. ער איז געקומען פֿון אַ שטעטל, אַזש הינטער ביאַליסטאָק, זאַמלען פֿאָלקלאָר אין ירושלים דליטא. אין יידישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט האָט מען אים געזאָגט, אַז אויב ער וויל געפֿינען עכטן פֿאָלקס־לשון — זאָל ער זיך אַרומדרייען אויפֿן ווילנער פֿישמאַרק. כאָטש רובינשטיין האָט געהונקען אויף אַ פֿוס, איז ער קאַפּאַבל געווען פֿאַר אַ גלייכוועדטל זיך אַוועקשלעפּן אין עק שטאָט. איז ער אויך דאָס מאָל אויפֿגעשטאַנען גאַנץ פֿרי און געקומען אויפֿן פֿישמאַרק. פֿ'איז געווען פֿאַר אים אַ שווערער מהלך. ציען דעם הינקעדיקן פֿוס פֿון סאַוויטשער גאַס, ווו ער האָט געהאַט זיין קעמערל, ביזן מאַרק, איז אים ניט געווען אַזוי לייכט; אָבער וואָס טוט מען ניט צוליב פֿאָלקלאָר?..

רובינשטיין האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז מען מוז וואָס גיכער אָפּראַטעווען אַלע ווילנער זאָגעכצן, ווייל זאָל עס, חלילה, פֿאַרלוירן גיין, וועט עס זיין אַ גרויסער פֿאַרלוסט פֿאַר דער קולטור. צוליב זיין ליבע צו פֿאָלקלאָר איז ער אַפֿילו געבליבן אַן אַלטער בחור. וויפֿל מען האָט אים ניט גערעדט שידוכים, און גוטע שידוכים, האָט ער אָפּגעזאָגט. אין אינסטיטוט האָט מען אים געוואָלט פֿאַרשדכענען מיט דער אַספּי־ראַנטקע זעלדע, אַ פֿאַרזעסענע מאַד, אַ ספּעציאַליסטקע אין יידישע

מאכלים, אַזש ביזן צוועלפטן יאָרהונדערט. רובינשטיין האָט אָבער געזען אין זיין רייכן דמיון, ווי זעלדע די אַספּיראַנטקע שפּרייזט ווי אַ בוטשאַן אויף אירע לאַנגע, דאַרע פּיס צום אינסטיטוט און ער, אַ הינקעדיקער הינטער איר. דאָס בילד איז אים לגמרי ניט געפעלן געוואָרן, ווילנע וואָלט זיי באַוואָרפן מיט חוזק.

איצט איז ער געשטאַנען אויפן פישמאַרק און געלויערט אויף פּאַלקלאָר. צוגיין נענטער צו די באַלייעס האָט ער ניט געהאַט דעם מוט, טאָמער וועט מען אים מבייש־זיין. אויך דערפאַר וואָס אַרום די באַלייעס איז גליטשיק און ער קען זיך דאָרט פּיין אויסציען. איז ער געשטאַנען ביים עק פון די טישן און ס'איז אים אויסגעגאַנגען דאָס חיות. רוזשקע די פישערקע האָט זיך געהאַט פונאַנדערגעלאָזט אויף אַלע ציינער. רובינ־שטיין האָט פון דער ווייטנס געהערט איין וואָרט פון צען, אָבער בלויז פון דאָס געהערטע איז אים געראונען די סלינע. רוזשקע האָט געלערנט בלק מיט אַ יידענע און איז שוין באַלד גרייט געווען זי אויסצופּאַטשן מיט אַ קאַרפּן־עק.

ביי די באַלייעס איז געוואָרן שיטערער. די פישערקעס האָבן אָנגע־הויבן אויסטאָן זייערע פּאַרלוסקעטע פאַרטעכער. נאָך אַ ביסל, און דער מאַרק וועט ווערן פּוסט. די ערשטע האָט אים באַמערקט חנה־מערקע די פישערקע. איר באַלייע איז געשטאַנען אין סאַמע עק. זי האָט געזען אַ יונגנמאַן זיך אַרומדרייען אויף איין אָרט, אָן אַ קאָשיק אין האַנט, איז איר די זאַך געוואָרן קשה; אַז קיין פיש איז ער ניט געקומען קויפן איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג. ניט אַנדערש ער איז אַן אונטערגעשטעלטער פון מאַגיסטראַט, ווייל וואָס מיינט דאָס דרייען זיך אויף איין אָרט מיט אַ בלייער אין האַנט, אויב ניט נאָכקוקן די וואָג? חנה־מערקע האָט מער פון אַלע פישערקעס געהאַט אַ שוואַכקייט אָפּצווועגן ווייניקער וויפל עס האָט געקומט. יום־כּיפּור, צו יזכור, בעתן אויסגיסן איר ביטער האַרץ אויף קולי־קולות, פלעגט איר יואל שמש שטענדיק אויסריידן: חנה־מערקע, וויין ווינציקער און גיב בעסער אַ ריכטיקע וואָג...

חנה־מערקע איז אָבער ניט געווען קיין פאַרשלאָפענע. זי האָט זיך אַ חנדל געטאָן צו רובינשטיינען מיט דער גאָלדענער קאָראַנקע אויפן פאָדערשטן צאָן:

— הערעלע, איכל אייך געבן אַ שיינעם קילאָ שלייען, לעבעדיקע, אירט זיי קוים דערטראָגן אַ היים...

רובינשטיין איז געוואָרן צעמישט און ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ער האָט תּמעוואַטע אָנגעקוקט חנה־מערקען, ווי זי איז געשטאַנען פאַר־שלייערט אין אַ וואָלן טיכל מיט אויסגעצופּטע פרענדז. די בעקלעך ביי איר האָבן געפלאַמט פון דער גוטער לייזונג און די אויגן, פריילעכע אַזעלכע, האָבן אים געמאַכט אומרויִק.

רובינשטיין האָט נאָך אַלץ געשוויגן.

— הערעלע, וואָס איז מכוח אַ פּאָר וואַנצאַקעס אַ צוגאָב — האָט חנה־מערקע ניט נאָכגעלאָזט — אייער ווייב וועט ניט וויסן וואָס צו טאָן מיט אייך...

ענדלעך האָט זיך דער פאָלקלאָריסט אויסגעטשוכעט און אַ שטאַמל געטאָן:

— איך... איך זוך ניט קיין פיש...

— דאָס האָב איך, און דאָס גיב איך. וואָס זוכט איר?

ביי רובינשטיינען האָט זיך אַרויסגעריסן:

— עפּעס גוטע קללות...

— האַ?!

— איר פאַרשטייט... איך קלייב קללות, ווערטלעך... כ׳האָב פריער געהערט ווי איר האָט גערעדט...

חנה־מערקען איז אַראָפּגעפאַלן אַ שטיין פון האַרצן:

— הייסט עס, איר זייט ניט פון מאַגיסטראַט? אַבי איך האָב געמיינט... נו, אויב אַזוי קענט איר שוין טאַקע גיין ראַקאָם אין דר׳ערד אַריין...

און חנה־מערקע, אַ צופרידענע וואָס זי איז אַרויס טרוקן פון דער גאַנצער מעשה, האָט זיך צעשריען איבערן גאַנצן מאַרק, אָנווייזנדיק אויף רובינשטיינען:

— ווייבער! דער ייד קלייבט קללות, ווער וויל דערלאַנגען סחורה?

און שוין איז געוואָרן אַרום פאָלקלאָריסט אַ רעדל. אַלע פישערקעס האָבן געוואָלט אָנקוקן פון דער נאָענט דעם בייזוווּנדער. רובינשטיין האָט זיי געפּרוּווט דערקלערן דעם ענין פאָלקלאָר, אָבער מען האָט אים ניט געלאָזט קומען צום וואָרט. די פישערקעס, דער עיקרשט רוזשקע, און

צירל די פּאַגעגעלע, האָבן מיט געשפּאָט און טומל פּאַרטרונקען זיינע רייד.

נאָך אַזאַ אָפּשניט, איז רובינשטיין גיך, גיך אַוועקגעגאַנגען פון מאַרק. חנה־מערקען האָט פּאַרקלעמט דאָס האַרץ. פריער האָט זי גאָרניט געהאַט באַמערקט, אַז ער ציט אַ פוס. ס׳האָט איר פּאַרדראָסן, וואָס זי איז שולדיק אין דעם צוזאַמענלויף. — אפשר איז דאָס ביי אים אַזאַ פּרנסה — האָט זי זיך פּאַרגעוואָרפן...

*

רובינשטיין האָט פאַרבויגן זיין האָנאָר און איז ווידער אַוועק פּרווון מזל ביי די פישערקעס. און ניט אַזוי ביי אַלע פישערקעס, ווי ביי איינער — ביי חנה־מערקען. דוכט זיך, אויף איר האָט ער געדאַרפט צום מערסטן ברוגז זיין, אָבער וויפל ער האָט ניט געוואָלט אָנרייצן אויף איר זיין געמיט, איז דאָס אים ניט געראָטן. אירע רויטע בעקלעך און די גלאַנציקע אויגן, וואָס האָבן זיך גאָלדיק געמיניעט, זענען אים אַריין אין די געבליטן. שוין עטלעכע נעכט, אויף זיין שמאָלן געלעגער, דער־מאָנט ער זיך, אַז ער איז ניט נאָר אַ פּאָלקלאָריסט, נאָר אויך אַ שטיקל מאַנצביל. יאָרן איז רובינשטיין געווען אַריינגעטאָן אין זאַמלען פאָלקס־חכמה. ער האָט זיך ממש געוויקט אין גלייכווערטלעך, קללות, חרמות, משלים. פון אין דער פרי ביז שפּעט ביי נאַכט איז ער געווען פּאַרקאָפּעט אין זיינע זאַמלונגען. ער איז געווען זיכער אין זיין באַוואָרנטקייט קעגן אַלע נסיונות. איז געקומען אַ חנה־מערקע און מיט איין שמייכל אים אַראָפּגעפירט פון זיין דרך.

דער פּאָלקלאָריסט האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צו באַגראָבן זיינע געפילן און קומען אויפן מאַרק מיט טרוקענע, וויסנשאַפטלעכע צילן. עס איז אים אָבער ניט געראָטן. חנה־מערקע האָט זיך געדרייט ביי אים אין קאָפּ און אים געשטערט צו טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש.

— אַ, דער הערעלע פון די קללות איז דאָ! לאָמיר צעהאַקן די קאַליטקע און פּרעגלען פליינע דרייבעס. אַזאַ גאַסט! — האָט חנה־מערקע אים איבערגענומען מיט אַ ברוך־הבא.

רובינשטיינען איז וואַרעם געוואָרן אין אַלע גלידער. ער האָט

דערשמעקט פֿאָלקלאָר. בנעימותדיק האָט ער צעשפּיליעט דעם רעגן־מאַנטל, אַרויסגענומען זיין נאָטיצבוך און גיך גענומען פֿאַרצייכענען.

— זאָגט נאָך עפּעס — האָט רובינשטיין געבעטן חנה־מערקען — זאָגט, און איך וועל פֿאַרשרייבן אייערע רייד.

— שרייבט אַז איר ווילט. עס פֿעלן דען אין ווילנע משוגעים? איך וויל נאָר וויסן צי איז דאָס ביי אייך אַזאַ פּרנסה, אָדער איר טוט עס סתם, פֿון שווילטאָג?

רובינשטיין האָט זיך ניט געפֿוילט און גענומען דערקלערן חנה־מערקען די הויכע צילן פֿון פֿאָלקלאָר. ער האָט גערעדט און חנה־מערקע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ניט אַלץ האָט זי פֿאַרשטאַנען אָבער עפּעס פֿון דעם ענין האָט זי יאָ באַנומען. נאָך פֿישערקעס האָבן זיך צוגערוקט צו חנה־מערקעס באַלייע צולייגן אַן אויער. צירל די פּאַגעגעלע האָט ווידער געוואָלט אָנהייבן מיט אירע שטיק, אָבער דאָס מאָל האָט חנה־מערקע ניט דערלאָזט און זיך צעשריען אויף די ווייבער:

— איר ווילט געבן דעם יידן סחורה — איז גוט, אַניט גייט און... זי האָט געוואָלט עפּעס אַריינזאָגן, נאָר זיך פֿאַרכאַפּט. חנה־מערקע האָט זיך פֿאַרשעמט פֿאַר רובינשטיינען.

דער פֿאָלקלאָריסט האָט יענעם טאָג קיין סך אוצרות ניט אויפֿגעקליבן, אָבער צופֿרידן איז ער געווען ביז גאָר. חנה־מערקע האָט אים געזאָגט, אַז שבת אין דער פֿרי זאָל ער קומען אויף טראָקער גאַס אין כעדל, וועט מען אַ ביסל אַ שמועס טאָן.

*

זעלדע די אַספּיראַנטקע איז געזעסן אין אַ זייטיקן צימער פֿון אינסטיטוט און געשריבן וועגן אַ יידישן מאכל — שלייסקעס. דערביי האָט זי געקייט אַן אָקרייטשיק ברויט, דין באַצויגן מיט צוואָרעך. אי דאָס קייען, אי דאָס שרייבן איז איר אָנגעקומען שווער. אַ באַקצאָן איז ביי איר אומגעגאַנגען. מיטן מאכל שלייסקעס האָט זי זיך אויך ניט געקענט קיין עצה געבן. אין איין ביכל האָט זי געפֿונען אַ רמז, אַז דאָס מיינט טייגלעך פֿאַרקנאָטן אין האָניק מיטן מאָן. אין אַ צווייטן קונטרס ווערט געזאָגט, אַז דאָס דאַרף זיין אַ מין קיכעלע באַשאָטן מיט מאַנדלען. פֿון די ספֿיקות, וועלכע ווערסיע אָנצונעמען, האָט איר נאָך מער געצויגן

אין האַרצן. זי וואָלט זיך איצט דערקוויקט מיט אַ פּאַטראָווע, מעג זיין אַ היינטצייטיקע. לעצטנס איז ביי זעלדען געגאַנגען מיטן פוטער אַראָפּ. זי האָט געהאַט געקויפט אַ נייעם מאַנטל ביי נאָזן אין טאַנדעט. ניט צוליב זיך, צוליב רובינשטיינען. אפשר וועט אים איינפאַלן זי צו נעמען צום קאָנצערט פון גערשטיינס כאָר. אָבער ווו? רובינשטיין האָט אין איר זייט ניט געקוקט. מען זיצט אין איין צימער, אַ טיש ביי אַ טיש, און ער — גאָרניט. גוט־מאָרגן, גוט־יאָר. גייט פון איין צימער צום אַנדערן מיט גאַנצע רשימות פאָלקלאָר, גרייסט זיך מיט די אוצרות... אַלע פּאַסמאַקעווען זיך. מען קלאַפּט אים אין פּלייצע... דאָקטאָר ווײַנרייך, דער דירעקטאָר פון אינסטיטוט, האָט אים גראַטולירט... זיך באַקענט מיט עפּעס אַ פּישערקע, אַן אָפּגעשטאַנענעם עלעמענט, און שעפּט פון איר זיינע ידיעות... וואָלט ער עס כאָטש געטאָן וויסנשאַפטלעך, ניט מישן זיין אַרבעט מיט פּערזענלעכע סימפּאַטיעס... אין אינסטיטוט ברענגט מען גרוסן, אַז מען זעט זיי צוזאַמען זיצן אין די שבתים לעבן שלאָסבאַרג.

זעלדע האָט זיך אויפגעהויבן פון איר טישל, געשפּרייזט איבערן צימער און כסדר אַ פּרווו געטאָן דעם באַקצאַן, ווי האַלט עס מיט אים. דערביי האָט זי שטאַרק געזיפצט. אָט איז דער גורל פון לערנען, זוכן, נישטערן אין די ביכער, אַז אַ פּשוטע פּרוי האָט מער הנאה פון לעבן ווי זי, מיט איר גאַנצער קענטעניש...

ביי רובינשטיינען אויפן טיש זענען געלעגן זיינע נאָטיצן. זעלדע האָט אין זיי קרום אַריינגעבליקט, ווי אַ הון אויף האָבער. אויף אַ גרויס בלאַט ווייסן פּאַפּיר איז געווען אָנגעציקלט:

מאַטעריאַלן צו פאָלקלאָר־פאָרשונג, אויפגענומען ביי דער פרוי חנה־מערקע סאָלאָדוכין, אַ פיש־הענדלערין אויפן ווילנער פישמאַרק:

גלייכווערטלעך: ביסטו שוין אַ הונט, זיי זשע ניט קיין חזיר; אַז אַ שלימזל קוילעט אַ האָן, גייט דער האָן אַוועק; די בעסטע קשיא איז בולבע־קאַשע; די ערלעכסטע מאָס איז ניין מאָס רייד; פון ליבע באַקומט זי...

זעלדען האָט דער צעוויטיקטער צאָן געשטערט צו לייענען ווייטער, האָט זי נאָך אַ וואָרף געטאָן מיט אַן אויג אויף דער רובריק „קללות": מ'זאָל דיך טראָגן און זינגען; אַ ווייכער באַלקאָן דיר אין קאָפּ; מ'זאָל נוצן דיינע קישקעס אויף הענגען וועש.

מער האָט זעלדע ניט אויסגעהאַלטן. זי האָט גוט איסגעשפּיגן און איז אַוועק צו איר טישל זוכן דעם מקור פון דעם מאכל שלייסקעס.

*

חנה־מערקע האָט אָנגעהויבן קומען אויפן מאַרק אין אַ ריינעם פאַרטעך. טאָמער פאַלט אַראָפּ רובינשטיין, זאָל זי ניט בלייבן פאַרשעמט. זי האָט זייער געוואָלט געפעלן ווערן דעם פאַלקלאָריסט. די שבתדיקע באַגעגענישן מיט אים האָבן זי שטאַרק צערודערט. ס'איז שוין באַלד געווען דער צווייטער יאָר פון איר אלמנהשאַפט. אָרקע דער זאַוואָדניק איז גראָד געווען אַ גוטער מאַן. ניט קיין טרינקער. אָבער וואָס איז דערפון אַז ער איז ניטאָ. גאַנץ בראַסלאַוו קען אים ניט פאַרגעסן. ער איז געווען דאָרט פון די ערשטע פישערס. זיין זאַוואָדעווען, זיין אָפּזעצן אַ נעץ האָט געהאַט אַ שם. ס'איז ניט געווען קיין נאַכט, ער זאָל ניט האָבן געבראַכט עטלעכע מאַטניעס פיש. וואָס איז געווען געשען וויס מען ניט ביזן היינטיקן טאָג: צי דאָס וואַסערמיידל, די בלאָנדהאָריקע קריגודאָ, וואָס וווינט אויפן דעק פון אָזערע און דאַרף יעדן כעזאָן אַן אַנדערן, האָט אים אין דער פינצטער פאַרנאַרט אין אירע סאַליעס, צי זיין שותף, איסרקע דער לאַבוק, האָט געהאַט מיט אים אַן איבעררייד און בעתן אַרויסציען די נעץ, ביים טאָניעווען, אים אַ שטופּ געטאָן איבערן באָרט — מען וויס ניט. דאָס וואַסער האָט אים ניט אויסגעשפּיגן. איסר האָט זיך געהאַט געשוואָרן מיט דער מאַמען, אַז יענע נאַכט איז גאָר אָרקע צום פאַנג ניט געקומען; אָבער גיי גלייב אַ לאַבוק. עטלעכע פּי־שערס, אָרקעס גוטע חברים, האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר איר ביים בראַסלאַווער רב. יענער האָט זי שוין געוואָלט מאַכן פאַר אַן עגונה. אַלע פון דער בראַנזשע האָבן זיך געריסן צו איר, און צום מערסטן איסרקע; נאָר ווער האָט איר געקאָנט געפעלן נאָך אָרקען? אפשר אַזאַ מענטש ווי רובינשטיין. דער גאַנצער פישמאַרק האָט שוין געוווסט, אַז דאָס איז אַן איידלמאַן, שרייבט ביכער. חנה־מערקען האָט זיך פאַרדרייט אין קאָפּ. זי איז אַרומגעגאַנגען ווי פאַרטשאַדעט. אויסער זיין ציען אַ פּוס איז דער פאַלקלאָריסט גאָרניט קיין האַדקער מאַנצביל — האָט חנה־מערקע געטראַכט, היינט דער כבוד. די אייגענע פישערקעס רעדן גאָר אַנדערש צו איר.

## א. קאַרפּינאָוויטש

*

— איר זאָלט וויסן זיין, פּאַניע רובינשטייך, אַז יעדע זאַך וואָס צאַפּלט זיך דאַרף אַ מאַלינע. אָט נעמט אַזאַ נאַריש פישל ווי אַ פלאַטקע. איז איידער זי הייבט אָן שפּילן, לאָזן אירע רויגן, ראַמט זי אָפּ מיטן עקל אַהער־אַהין, אַהין־אַהער, אַ שטיקל גרונט אין טייך. און שוין. זי האָט זיך איינגעשאַפט אַ כודאָבע. היינט ווער רעדט נאָך אַ מענטש? איינער אַליין איז אַפילו ניט גוט אין באָד. ווער׳ט איך רייבן די פּלייצע? אַזאַ קאָפּ־מענטש ווי איר קאָנט דאָך נעמען, איך ווייס, ווי זאָגט מען — אַ גראַפּינע מיט רעטעך... אָט, למשל, נעמט איסרקען דעם לאַבוק. אַזאַ... כ׳וויל ניט אויסריידן פון מיין מויל...

אין סעדל אויף טראָקער גאַס איז לײדיקלעך. חנה־מערקע זיצט אָן אויסגעפּוצטע לעבן רובינשטיינען, און יענער קוקט איר אין מויל אַריין. די באַנק אויף וועלכע זיי זיצן, זינקט אין געלע, אַראָפּגעפאַלענע קאַשטאַנ־בלעטער. ס׳איז קיל. חנה־מערקע טוליעט זיך אין קאָטקענעם פוטערל, און דער פאָלקלאָריסט האָט אַפילו ניט קיין שכל זיך צוצורוקן אַ ביסל נענטער. חנה־מערקע שיינט. צוגעפּודערט, פאַרקעמט מיט אַ גרייזעלע אויפן ווייסן שטערן, שמייכלט זי צו רובינשטיינען און וואַרט. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט פאַרלייגט אַ האַנט אַרום איר אַקסל, אַפילו אַ שטיף געטאָן. רובינשטיין האָט אָבער איין דאגה — ווי צו פאַרגעדענקען אירע רייד, ניט צו פאַרגעסן עפּעס אַ ווערטל וואָס קאָן איסגענוצט ווערן פאַר זיין גרויסער זאמלונג. ניט שטענדיק פּאַסט אים צו פאַרצייכענען באַלד אויפן אָרט. דעם שטייפן פּוס האָט ער אויסגעצויגן פאַר זיך, ווי אַ שלאַבאַן, צווישן איר און אים, ניט אַריבערצוגיין.

— דריי זאכן שאַטן קיין מאָל ניט — אַ שלאָף, אַ באָד און אַ גוט שטיקל פיש... איך זאָג דאָס אַנטקעגן אייך. וואָס איז דאָס זיצן אין סעדל און פרירן, קילן די זשעברעס? איך האָב אין שטוב פון כל־טוב, מאַר קיסרים צו שטעלן. מ׳עט אויפקאָכן טיי. אַ שטיקל מאַרינירטער העכט איז אויך פאַראַן...

רובינשטיין פאַרכאַפּט זי:

— ניין, אַ דאַנק, באמת, איר דאַרפט זיך ניט באַמיען...

— ווער באַמיען, וואָס באַמיען. ס׳איז אַלץ פאַרטיק. אַזאַ גוז אונדזערע

שונאים אויפֿן שטערן, סאַראַ באַבקע עס שטייט ביי מיר שוין פֿון נעכטן. קומט, פֿאַניע רובינשטיין, איר׳ט צובייסן. שכל דאַרף מען זוכן אין טעלער.

דער פֿאָלקלאָריסט קווענקלט זיך, אָבער חנה־מערקע ווייזט אים אויף מיט איר זאַפֿטיקן מענה־לשון, אַז ס׳קען גאָר ניט זיין עפּעס בעסערס, ווי גיין צו איר און טועם זיין אַ גוט שטיקל פֿיש. גיט ער נאָך, צוליבן פֿאָלקלאָר, און שפּאַנט מיט חנה־מערקען צו איר אַהיים. חנה־מערקע גייט לעבן רובינשטיינען פֿון זיין געזונטער זייט. פֿון מאָל צו מאָל כאַפּט זי אים אונטער פֿאַרן אָרעם. רובינשטיינען ווערט וואַרעם אין די אויגן. ער קוקט ניט אויף זיין באַגלייטערין און הערט ניט אירע רייד. אַ האָרבסטיקער אומעט באַגלייט אים אויפֿן וועג צו חנה־מערקען.

*

חנה־מערקע איז געוואָרן איידל. זי האָט זיך אָנגעהויבן היטן מיט אַ וואָרט. די ווייבער אויפֿן מאַרק דערקענען זי ניט. אַפֿילו אַ וואָג האָט זי אָנגעהויבן געבן אַ בעסערע. אַלץ צוליב רובינשטיינען. רוזשקע די פֿישערקע האָט זי געלערנט, אַז אויב זי וויל געפֿעלן דעם פֿאָלקלאָריסט, זאָל זי אויפֿהערן לופּטערן די שפּראַך. יענער איז אַ פֿיינער מענטש, און זי, חנה־מערקע, רעדט אַ מאָל זאַכן, אין מויל ניט צו נעמען. אַלע פֿישערקעס האָבן שוין געוווּסט, אַז רובינשטיין איז געוואָרן אַן איינגייער צו חנה־מערקען. אין ווילנע האָט שוין געטראָפֿן אַזעלכעס. אָט האָט דער אַקטיאָר ביזדון געגומען לייבע דעם הינערניקס אַ מיידל — —

חנה־מערקע האָט אָנגעהויבן קומען אויפֿן מאַרק אַ פֿאַרקעמטע, אין אַ פֿאָר טופֿל, ניט אין אַרקעס שטיוול. אַלע האָבן געוווּסט, אַז ס׳האַלט ביי אַ שידוך... אין צירל די פֿאַגעגעלע האָט ניט געהאַלטן פֿון דער גאַנצער זאַך. זי האָט געזאָגט, אַז פֿון דעם רובינשטיין וועט נאָך אַ מאָל אַרויסשפּרינגען אַ זשאַבע. קיין פֿישער איז ער ניט. ביי גיטקען אין קנייפּע זיצט ער ניט, מוז ער האַנדלען מיט ווייבער אויף אַרגענטינע, ניט אַנדערש...

האָט רוזשקע זיך אַרויסגעשטעלט צו גיין אין אינסטיטוט פֿרעגן אויף רובינשטיינען. זי איז געקומען פֿון דאָרט אַ צעשטראַלטע. מען האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט איר. בלויז איינע — אַזוי האָט זי

דערציילט — עפּעס אַ גרינגע טויז, אַן אַלטע, אויסגעצויגענע מאָד, האָט זיך געקרימט און געלאַמט.

רובינשטיין האָט אָבער אויפגעהערט צו קומען אויפן מאַרק. אויך ביי חנה־מערקען האָט ער זיך געוויזן זעלטענער. ער האָט פאַר דער צייט אָנגעזאַמלט געווג מאַטעריאַל און אין די אָוונטן געאַרבעט איבער אים. חנה־מערקע האָט ניט פאַרשטאַנען: ווען זי איז געווען פאַרשמאַדערט ביזן האַלדז, האָט דער פאַלקלאָריסט ניט פאַרפעלט אַ טאָג זיך צו מעלדן ביי דער באַלייע, און איצט, אַז זי האָט אָנגעהויבן צווינטשן יעדן קונה עסט געזונטערהייט, און צוואַרפן אַ פּישל צום וואָג, איז ער עפּעס קאַלט געוואָרן צו איר.

פון דעסטוועגן טוט זי אַלץ כדי נושא־חן צו זיין ביים פאַלקלאָריסט. די שטוב האַלט זי אַ גאַנצע וואָך שבתדיק. אויפן טיש אַ טישטעך, די בעטן פאַרבעט מיט אַ געבלומטער קאָפּע. זי האָט אַפילו איינגעהאַנדלט אויפן דורכהויף אַ בילד פון אדם מיט חוהן, ווי מען טרייבט זיי, באָרוועסע, פון גן־עדן. אָבער וואָס מער זי האָט זיך געסטאַרעט צו רעדן אינטע־ליגענטנע, אַלץ דערשלאָגענער האָט אויסגעזען רובינשטיין. אַנומלט איז זי אָפּגעזעסן אַ גאַנצן אָוונט אין דער היים. ביי יעדן סקריפּ פון טיר האָט איר אָפּגעריסן אין האַרץ. זי האָט געוואַרט אויף אים, אָבער ער איז ניט געקומען.

*

אויף צומאָרגנס האָט רובינשטיין געטראָפן חנה־מערקען ביים אַריינ־גאַנג פון אינסטיטוט. אַרויפגיין אין דער הייך האָט זי זיך געשעמט, איז זי אַ האַלבן טאָג געשטאַנען און געוואַרט אויף אים.

רובינשטיין איז געבליבן געפּלעפט. ניט שוין־זשע האָט ער חנה־מערקען אַרויפגעפירט אויף פאַלשע מחשבות?

— פאַניע רובינשטיין — האָט זי אַן אָנגעדראָלענע אָנגעהייבן — איר מיינט, אַז חנה־מערקע איז אַ זאַק מיט קללות און גלייכווערטלעך, וואָס מען בינדט אים אויף, מ׳רוקט אַריין די האַנט און מ׳שלעפּט פון דאָרט אויף שרייבן ביכער? חנה־מערקע האָט אויך אַ האַרץ. — דערביי האָט זי אָנגעוויזן אויף איר פולער, לינקער ברוסט — מ׳פירט זיך ניט אויף אַזוי מיט אַ פרויענצימער, ווען מ׳זעט אַז זי האָט אַ שוואַכקייט צו

איך... באַדיי וואָלט איר גלייך געזאָגט, אַז איר דאַרפט די נאַרישע פּישערקע נאָר צוליב די קללות... מילא, זאָל איך זיין צום געזונט...

דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט רובינשטיין אָפּגעפּילט אַזוי שטאַרק זיין פאַרשפּילטן אַלט־בחורשן לעבן. ער האָט איר געוואָלט זאָגן, אַז עס איז ניט אַזוי ווי זי מיינט, אַז... אָבער איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו עפענען דאָס מויל, איז זי שוין געווען פאַרשוווּנדן הינטערן ראָג וויוווּלסקע.

רובינשטיין האָט פאַרבויגן אַ פּלייצע אונטער זיין ביטערן גורל, געקויפט אַ גרינעם רוקזאַק און אַוועקגעהונקען פון ווילנע קליבן פאָלקלאָר אין אַן אַנדער שטאָט...



...און אַזוי איז זי אַרויס דורך יידישע גאַס פון ווילנע

# רחלע די הויפדאַמע

רחלע האָט זיך אויסגעפּוצט אין שטרויענעם הוט מיטן רויטן באַנד, גענומען דעם קאָשיק און זיך געלאָזט גיין מיט אײדעלע טריט דורכן שולהויף. זי איז שוין באַלד געווען לעבן אייזערנעם טויער, איז אונטער־געלאָפן איסערסאָן זאָגן איר אַ פּאָר ווערטער. רחלע, אָבער האָט אים אָװעקגעטריבן מיטן קאָשיק און אַ צעפּלאָשעטע אַוועק ווייטער. זי האָט ניט געוואָלט רעדן מיט אים. ער איז ניט געווען אין איר גוסט. זי האָט אויך אַ ביסל מורא געהאַט פאַר אים. אַזוי איז איסערסאָן געווען אַ גאַנץ ווילער ייד, מיט אַ שיינער באָרד, מיט אַ בלאַט גמרא, מער ניט וואָס ער האָט געערדט האַדקע רייד און געשאָלטן די כלי־קודש. אויסער דעם האָט ער געווילדעוועט אויף יידישע גאַס, געבראָכן שויבן ביי וועלפּקען אין קנייפּע, יענער זאָל אים געבן געלט אויף אַן איזוואָזשטשיק צו פאָרן אויפן וואָקזאַל משתין זיין. אין אַ רויִקער מינוט איז ער געשטאַנען אויף די טרעפּלעך פון דער קברנישער קלויז און געדרשנט גאָר גרויס, נאָר גלייך פּלעגט אים אַ כאַפּ טאָן דאָס צעטומלעניש און אַלע ווייבער האָבן געמוזט אַנטלויפן, אַזוינע ווערטער זענען געפאַלן. ס׳איז געווען אַ בושה פאַרן שולהויף. ר׳ אייזיק דער שמש האָט איינגערעדט וועלטן, געלאָפן אין קהילה מען זאָל עפּעס טאָן; אָבער וואָס האָט מען געקאָנט טאָן, אַז אַפילו איסערסאָנס בעסטע פריינד, יודקע די מאָד און שנייקע מיט די פּרימוסן, האָבן זיך אויך ניט גערוקט מיט אים אָנצוהייבן.

איסערסאָן האָט גאַנצענע טעג געהינעט אויפן שולהויף. נעכטיקן איז אים אויסגעקומען צו שלעפן זיך ביז דער שניפּישיקער ראָגאַטקע, וווּ ער האָט געהאַט אַ ווינקל, נאָך פון זיינע קלאָרע צייטן. און אַזוי ווי דער בעסטער פּלאַץ צו זיין אין ווילנע משוגע איז דער שולהויף, האָט איסערסאָן אויסגערעכנט, אַז אויב רחלע וועט מיט אים חתונה האָבן, וועט ער אי קאָנען שלאָפן אין איר קאָמורקע, הינטער דער קהלשער באָד, אי ער וועט זיין שטענדיק אויפן אָרט. וואַלגערן זיך אין דער פרעמד, צווישן פּראָסטע לייט, אָדער ליגן אין פּאָליש צוזאַמען מיט די איבעריקע משו־

געים איז ניט אַזאַ מאכל — ער איז דאָך פּאָרט איסערסאָן און ניט דאָרט כ׳וויס, אַ מיישעגאָלער גאַוורען.

רחלע האָט אָבער דערפון אַפילו הערן ניט געוואָלט. זי, וואָס איז געווען „אַ הויפּדאַמע ביי קאַטערינע די גרויסע״ און געבענקט נאָך אַ ראַסקאָשנעם לעבן מיט פראַנצויזיש און שיינע מאַניערן, זי וועט ניט נעמען אַזאַ גראָבן פליגל ווי איסערסאָן.

רחלע האָט זיך איינגעבעטן ביי זרחן, דעם שמש פון מאַלאַרסקע קלויז, ער זאָל איר אָוועקגעבן אַ צעבראָכענע באַנק. די באַנק האָט זי אונטערגעשפּאַרט מיט אַ פּאָר ציגל אונטערן פענצטער פון דער קאָמורקע און דאָרט געזעסן גאַנצענע טעג.

אין איר קאָמורקע איז געלעגן אַ קעסטעלע לענטעס וואָס שרה קלאָק פונעם גרויסן געשעפט אויף דייטשע גאַס האָט איר געשאָנקען, אויסער קנעפּ פאַרשיידנקאָליריקע, צוויי שטרויענע היט און אַ ראָטאָנדע פון יידישן טעאַטער. פלעגט זי זיך אויספּוצן, זיצן ביים פענצטערל און שעפּטשען דייטשמערישע ליבערייד. זי האָט דערביי געבראָכן די הענט און געזיפצט פון טיפן האַרצן, וואָס דער גראַף פון אונגאַרן איז נאָך אַלץ ניט געקומען.

*

איסערסאָן האָט מוותר געווען אויף רחלען. ער איז, נעבעך געלעגן אין הקדש און געהאַט נאָר איין טראַכטעניש — ווי קומט מען פון דאָרט אַרויס. יענעם ווינטער האָט ער געהאַלטן אַ לענגערע דרשה לעבן דער גרויסער שול, און ער האָט געכאַפּט אַ שטעכעניש אין די זייטן. גראָד דעמאָלט האָט זיך אונטערגערוקט אויפן שולהויף אַ שפּאָגל־נייער צוּ־דרומשקעטער, די קינדער האָבן אים גערופן פראָפעסאָר מיקעקאָ. ער האָט איינגערעדט איסערסאָנען, אַז ס׳איז ניטאָ קיין בעסערע תרופה פאַר אַ שטעכעניש, ווי קאָלט וואַסער, און וואָס קעלטער אַלץ בעסער. ער האָט שטודירט דעם ענין און הלוואַי וואָלטן אים ווילנער דאָקטוירים געפאָלגט. אַזאַ איסערסאָן, וואָס חוץ זיין משוגעת איז ער געווען אַ ייד אַ בר־דעת, האָט זיך געלאָזט איבעררײדן און איז אַוועק מיטן פראָפעסאָר צו דער פאַרפרוירענער ווילִיע נעמען קוראַציע. מיקעקאָ האָט אויסגעהאַקט אַ לאָך אין אייז און איסערסאָן איז דאָרט אַריין. אַרויס האָט ער שוין ניט

געקאָנט. מען האָט אים פון דאָרט אַרויסגעצויגן זייער אַ שטייפן. גוטע מענטשן האָבן געכאַפּט אַ שליטל און אים אַוועקגעפירט אינעם יידישן שפּיטאָל, אויף הקדש־גאַס. וועז ניט דאָקטאָר זאַרצין איז ער אַ געענ־דיקטער.

רחלע האָט טאַקע געקאָנט איצט אַדורכגיין רויִק דעם שולהויף אָבער קיין הנאה האָט זי דערפון נישט געהאַט, ווייל ס׳איז געווען ווינטער, און ווינטער איז ניט געווען איר צייט. ס׳איז איר שווער געווען צו זיין משוגע אויף אַ הויפדאַמע. זומער איז געגנוג געווען אַ שלייפל, אַ פּאָר בייע קנעפּלעך, און שוין האָט זי געשיינט, ווי אַ נייע; אָבער ווינטער, ווי ס׳האָבן זיך ניט געסטאַרעט פאַר איר די סוחרים פון דורכהויף, איז עס פאָרט ניט געווען דאָס. אַוורעמקע דער אַנאַרכיסט האָט איר אָפּגעגעבן אַ פוטער, האָט דאָרט געפּעלט אַ פּאָלע מיט אַן אַרבל. טאָמער האָט איר ווער צוגעוואָרפן אַ פּאָר קאַלאָשן, זענען זיי געווען אָן טיליקעס אוןביידע לינקע. דער ראַנד פון דער פּילצענער היטעלע איז געווען אָפּגע־ביסן און די קאָטקענע מופטע האָט געהאַט אויפן סאַמע פראָנט אַ גוואַלד־ריס. מיטן עסן איז אויך געווען צרות. זומערצייט איז זי נאָר אַדורך דעם האַלצמאַרק, האָט זי שוין געהאַט אַ קאָשיק מיט טראָקער אוגערקעס, עטלעכע עפּל, אַ צעברעקלטן קעזעלע. ווינטער אָבער האָט זי געמוזט גיין עסן אין דער ביליקער קיך, אויף נאַווגאָראָד, און אַזוי ווי זי איז געווען אַ סטאַטעטשנע, מיט שיינע זיטן, איז איר אָנגעקומען דאָס לעצטע ביסל וואַסער פון קעסל. איז ווי האָט זי געקאָנט אין אַזאַ מעמד זיין אַ דאַמע? האָט זי געשטופּט די ווייסע טעג און געוואַרט אויפן זומער אין פירהויז פון דער ווייבערשער באָד.

יענעם זומער איז געווען אַ גרויס גערעטעניש אויף משוגעים. ווו נאָר אַ דערבייִיק שטעטל, האָט מען דאָרט אַרויפגעזעצט דעם אָרטיקן משוגענעם אויף אַ פּויערשן וועגל און געבראַכט קיין ווילנע. ביי נאַכט האָט מען אים אַראָפּגעשטעלט לעבן אייזערנעם טויער פונעם שולהויף, און פּטור. אין דער פרי זענען יידן געקומען צום מנין, האָבן זיי געטראָפן אַ נייע צורה אויף די טרעפּלעך פון דער קברנישער קלויז. ר׳ אייזיק ד׳ער שמש האָט שיער ניט באַקומען די פלאַץ. ער האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט גיין אין מאַגיסטראַט, אויב די קהילה וועט ניט אָפּרייניקן דעם הויף. עס קומען הויכגעשטעלטע געסט באַקוקן די גרויסע שול, באַפאַלט

זיי אַ ציטער. איסערסאָן וויל נאָר האַלטן פאַר זיי דרשות. יודקע די מאַד, וואָס יאָגט זיך נאָך אַלע ווייבלעך און מיידלעך, האָט אַ צי געטאָן אַ מאַדאַם פאַרן קלייד, האָט יענע אַוועקגעחלשט. ס׳איז געווען נאָך ערגער ווי אין ניי־ווילייקע, ווו ס׳איז געשטאַנען דאָס גרויסע דולהויז.

אויסער בוינע משוגעים, וואָס זענען מסוגל צו הייבן אַ שטעקן, האָבן זיך נאָך געיאָוועט שטילע קנורן, אַלע מיט מאָדנע איינרעדענישן. איינער אַן אָלקעניצקי איז געזעסן אין אַ שאַלקע און געשריבן בריוו צו די גרעסטע פון די גרעסטע. ער אַליין האָט זיך אויסגערופן פאַרן פּרעזידענט פון אַ יידישער מדינה און געסטעמפּלט אייגענע געלט, מיט אַ מגן־דוד. יוזעלע מיט גאָלדעצקען האָבן אַרומגעפּירט זייער קדיש אין אַ וועגעלע אויף דריי רעדלעך און געפּאָדערט אַ גראָשן פאַר אַ קוק. סענדער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ גרויסער פּאָעמע אין בוזעם־קעשענע און נאָר געבעטן רחמים מען זאָל אים אויסהערן. שנייקע איז אַרומגעלאָפן איבער די יאַטקעס פרעגן אויף טיגערנע קאָטלעטן. ווילנע האָט געווימלט מיט מעלאַנכאָלנע און ס׳איז ניט געווען ווער ס׳זאָל מאַכן אַ טאָלק מיט זיי.

רחלע האָט זיך מיט קיינעם ניט געמישט. ס׳איז ניט געווען פאַר איר שטאַנד, איז זי בעסער געגאַנגען ביי טאָג שפּאַצירן לעבן קאַטעדראַל־פּלאַץ און ביי נאַכט איז זי געזעסן אויף איר באַנק און גערעדט צו זיך אַליין.

רחלע האָט אַרומגעבונדן אַ נייע סטענגע אַרום די לענדן און זיך געקליבן גיין אויפן האַלצמאַרק. דער שולהויף איז שוין געווען נאָכן דריטן מנין. די משוגעים זענען זיך צעלאָפן, יעדער אויף זיין פּאָסטן, מערניט יודקע די מאַד איז געלעגן פּאַפּעראָק אויפן הוילן צעמענט, פאַרן אַריינגאַנג פון „תפארת בחורים״, און געשלאָפן נאָך אַ נאַכט האָוועניש איבערן טעליאַטניק, ווו די שיקסעס וואַלגערן זיך מיט סאָלדאַטן.

רחלע האָט שוין באַלד געהאַט אויסגעמיטן דעם שולהויף, ווי זי האָט דערזען ביים כיור שטיין אַ יונגנמאַן, זייער אַן אָפּגעריסענעם. יענער האָט בנעימותדיק געוואַשן די הענט, און זיי אָפּגעווישט מיט עטלעכע דיקע צויטן פון זיין קאַצעפּייקע. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לעבן קעמערל פון די שיימעס. רחלע האָט אים פריער קיין מאָל ניט געזען. ווער קאָן עס זיין? כיבע אַ נייער, ערגעץ פון ניט־הי. ער האָט געהאַט אַ פּאָר אומעטיקע אויגן, ס׳האָט געמען ביים האַרץ, און אַ גראַפּסקע באָרד,

אַ בלאָנדע. ער איז רחלען זייער געפעלן. זי האָט געוואָלט צוגיין צו אים, פרעגן אַ וואָרט, האָט זי אָבער מורא געהאַט טאָמער וועט איר יענער גראָב אָנקומען.

אויפן מאַרק האָט זי זיך פאַרדרייט מער ווי געוויינלעך. רוזשקע די פישערקע האָט זיך פונאַנדערגעלאָזן און אַרום רחלען איז געוואָרן אַ ר׳עדל. די ווייבער ביי די באַלייעס פיש האָבן אָנגעהויבן פונאַנדערפרעגן ווי איז עס געווען אויפן קייזערלעכן הויף, און רחלע האָט זיי דערציילט אַלץ פאָדראָבנע. ווען זי איז נאָך האַלבן טאָג צוריקגעקומען מיטן קאָשיק, איז דער יונגערמאַן געזעסן, אַלץ אויפן זעלבן פּלאַץ. זי איז אַוועק צו־פּראַווען אַן אָנבייסן און דערביי פעסט באַשלאָסן, אַז זי מוז אים נאָכקוקן און זען וואָס ווייטער.

רחלע איז געשטאַנען דעם גאַנצן טאָג הינטער די פּילאָרן, לעבן סופרס שטוב, און געזען, אַז דער יונגערמאַן רירט זיך ניט פון אָרט. זי איז אַריין אין שטוב, אָנגעגאָסן אַ קענדל זופּ, איבערגעשניטן דאָס ברויטל, אויפגעלייגט אַ פּאָר עפּל אין הויפן, און זיך געלאָזט צום פרעמדן. פּאַוואָלינקע, מיט אַ זייט, האָט זי אויסגעשטרעקט צו אים דאָס עסן.

דער יונגערמאַן האָט זי אָנגעקוקט. ס׳האָט גענומען עטלעכע רגעס ביז רחלע האָט זיך אויסגעטשוכעט פון זיין בליק. ענדלעך האָט זי אַרויס־געשטאַמלט:

— נעמט... ס׳איז פאַר אייך... עסן...

יענער האָט אַרויסגענומען דאָס שיסעלע פון אירע הענט. זי האָט אַפילו ניט געפילט זיין באַריר אויף אירע פינגער, אַזוי צעטומלט איז זי געווען. פאַרן אַריינזעצן דאָס לעפל אינעם געקעכץ האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— דאָס האָבן די גבאים געשיקט?...

רחלע האָט ניט פאַרשטאַנען זיין שאלה. עטלעכע תהילים־זאָגער האָבן דערשמעקט בייס, זענען זיי צוגעגאַנגען נענטער. דער יונגערמאַן האָט איצט גערעדט צו זיי:

— גדאַלקע, גדאַלקע דער חזן בין איך... זיי מיינען איכל דאָ לאַנג זיצן. ווילן זיי כ׳זאָל דאַווענען דעם שבת, איז גוט — אַניט... — און ער האָט אָנגעהויבן גיך, גיך וויאָסלעווען מיטן לעפל אינעם זופּ. די תהילים־זאָגער

האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, געקרעכצט איינער צום אַנדערן און זענען אַוועק צוריק זיך זעצן אַקעגנאיבער אויף די טרעפּלעך פון דער קברנישער קלויז. רחלע האָט זיך געשטעלט פון דער ווייטנס וואַרטן ביז גדאַלקע וועט ענדיקן עסן. דערנאָך האָט זי צוגענומען פון אים דאָס קענדל מיטן לעפל און זיך אַדורכגעדרייט דורך די פּילאַרן צו זיך אין דער קאָמורקע.

*

רחלע האָט אין גאַנצן פאַרלאָרן די שאַנד און אָנגעהויבן טראָגן גדאַלקען עסן אַלע טאָג. די ערשטע צייט האָט זי זיך נאָך געדרייט אין דרייען, ניט אַריינצופאַלן אין לייטישע מיילער. פלעגט זי בגניבה פאַרלירן לעבן גדאַלקען אַ ציבעלע, אַ האַלבע חלה, עטלעכע בולבעס אין פעלצלעך. דערנאָך האָט זי זיך אָנגעטאָן אַ כוח און איז אַרויס צו אים אין מיטן העלן טאָג מיט אַ טעפּל האָבערנע גרויפּן.

גדאַלקע האָט געגעסן פון איר האַנט, ניט, חלילה, דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַ קאַליקע. ער האָט געקאָנט פונקט ווי די איבעריקע באָסע קאָמאַנדע שטעלן זיך ביי וועלפקעס קנייפּע אָדער לעבן חנה־ריוולס טשיינע. ער איז אָבער געווען זייער אַ האַנאַראָווער און ס'איז ביי אים רעכט געווען צו הונגערן, אַבי ניט אָנצוקומען. טאָמער האָט רחלע אים אַמאָל געפּרוווט אַריינבעטן צו זיך כאַפּן אַ ביס, האָט ער אַ בורטשע געטאָן און זיך ניט גערירט פון אָרט. ער איז געזעסן כמעט דעם גאַנצן טאָג פאַר דער גרויסער שול, אָדער ער האָט געשפּרייזט פונעם כיור ביזן אייזערנעם טויער און געפּרוווט די שטים.

גדאַלקע איז געווען צעשרויפט אויף חזנות.

עטלעכע יאָר איז ער געווען אַ משורר ביים חזן סיראָטע. ביז איין מאָל, ביי כל־נדרי, האָט ער דערזען צוויי מלאכים אַרויספליִען פון הינטערן אָרון־קודש, און ער איז געפאַלן אין חלשות. נאָכן אָפּמינטערן אים איז ביי אים פאַרשוווּנדן דאָס קול. סיראָטע האָט אים משלח געווען. האָט ער זיך געוואַלגערט איבער די שטעטלעך. אַ ביסל איז ער יאָ געקומען צו זיך, אָבער אין גאַנצן זיך אויסטשוכען האָט ער ניט געקאָנט. אין אָשמענע, ווו גדאַלקע איז געבוירן געוואָרן, האָט מען געוווּסט, אַז מיט זיין טאַטן איז אויך געווען אַזוי. יענער האָט אויך געזען קאַטשקעלעך שווימען אויפן הימל. איצט

איז גדאַלקע געקומען אין ווילנע. ער האָט געוואָלט רעדן מיט די גבאים פון דער גרויסער שול, מען זאָל אים אָנדינגען אויף ימים־נוראים.

גדאַלקע האָט געטענהט, אַז ער דאַרף אויף הוצאות קיין וואַרשע, כדי זיך דאָרט לאָזן ריידן דעם שידוך מיט סיראָטעס טאָכטער. דורכן משדך זיין זיך מיטן חזן סיראָטע, האָט ער געקאָנט דערגיין ביז צו דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע. דערווייל, ביז וואָס ווען, איז גדאַלקע געבליבן שטעקן אויפן שולהויף. געשלאָפן איז ער אין קעמערל פון די שיימעס. דאָס איבעריקע האָט שוין רחלע באַזאָרגט. זי איז אַוועק צו אַוורעמקען דעם אַנאַרכיסט און אויסגעבעטן ביי אים אַ פּאָר וועש מיט אַ העמד און הויזן. אַוורעמקע איז געווען אַן אייגענער מענטש. ער האָט ניט געפרעגט פאַר וועמען; אָבער אַלץ איינס האָט גאַנץ ייִדישע גאַס געוווּסט, אַז רחלע איז פאַרקאָכט אין גדאַלקען.

איידער זי האָט דעם ערשטן מאָל איינגערעדט גדאַלקען ער זאָל זיצן מיט איר ביינאַכט, איז איר אָנגעקומען מיט גרינע ווערעם. רחלע האָט אים דערציילט וועגן קאַטערינע די גרויסע, געשטופּט אים אַן עפּל אין האַנט, און גדאַלקען האָט עס אָנגעהויבן פּאָליובען.

אָט זיצן זיי אויףביידע עקן באַנק, מען זאָל, חלילה, ניט איבערקלערן. דער סופר שלאָפט ניט. אין מאַלאַרסקע קלויז ציט אונטער דער פּרוש ביי אַ ליכטל זיין טעגלעכן חשבון חטאים. שפּעטיקע ווייבער איילן צו דער מיקווה.

— ...איז צוגעגאַנגען צו מיר דעם קייזערס פּלימעניק... מיר האָבן געטאַנצט אַ וואַלס. כ׳בין געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייסער קלייד מיט אַ רויטן באַנד און נייע באָטן. דערנאָך האָט ער מיר געפירט שפּאַצירן לעבן אַ טייך, מיט ביימער... און בלומען... ס׳האָט אַזוי געשמעקט... כ׳האָב אויסגעטאָן דעם קאַראַקולנעם פּעלץ און דער קייסער האָט געזאָגט: פּרוויליין רחלע...

גדאַלקע קייט דעם עפּל און ברומט אונטער:

— הבט משמים וראה...

— און דעם קייסערס פּלימעניק האָט נאָר געוואָלט אויפן טראָן, דער גאַנצער הויף האָט געוווּסט דערפון, און איינער אַ גענעראַל מיט וואָנצעס איז אַוועק צום קייסער. כ׳האָב אַליין געזען...

— כי היינו ללעג וקלס בגויים...

רחלע רייסט איבער אירע זכרונות און הערט זיך צו. גדאַלקע האָט אויסגערייניקט די שטים און זיך פאַרגאַנגען שטיל, שטיל, אין אַ הויכן

פּאַלצעט. ער פּלעכט די תפילה מיט דינע קאָפּטענער. ער הייבט קוים אויף דאָס קול. די קלאַנגען שווימען דורך רחלעס קראַנקע געהירן און עפענען דאָרט אַ לאַנג פאַרמאַכטע טיר. אויף איין רגע איז רחלע אַ מענטש ווי אַלע מענטשן. ניט זי האָט דער שגץ אומגעוואָרפן אין פעלד. ניט זי האָט די מאַמע געפירט אין אַ וויטן דאָרף אָפּטרייבן. ניט זי איז געלאָפן דערנאָך איבערן שטעטל אין איין העמד.

גדאַלקע קרייזלט דעם ניגון און רחלע זעט דורכן חושך איר היים. ניט קאַטערינעס פּאַלאַץ, נאָר די שטוב אין טראַק. עס ווערט איר אַזוי לייכט, אַזוי שטיל אין קאָפּ. זי שאַרט זיך צו צו גדאַלקען און זוכט זיין האַנט.

— גלאָמפּ! נאָך אַ האָר נעם איך די אָבערע צע, גייט זי און גיט מיך אַ שטופּ. שויך, מ'עט היינט מער ניט זינגען.

גדאַלקע הייבט זיך אויף און גייט אַוועק אַ בייזער צו זיין נאַכטלעגער, אינעם קעמערל פון די שיימעס.

גדאַלקע, אָבער, איז היינט אין פאָרמע און אים ווילט זיך נאָך זינגען. פאַררוקט ער זיך אין דער נישע פונעם כיור און פאַרציט אַ יום־טובדיקע תפילה. פריִער גאַנץ שטיל, און דערנאָך אַלץ דרייסטער. ער איז גובר שווערע שלשלתן. אָט יאָדלט ער אַ פּסוק נאָך אַ פּסוק, קייקלט זיי אין האַלדז, ביז ער לאָזט זיי פריי פליִען איבערן שולהויף. ער פאַרגעסט אַז ס'איז נאַכט, אַז ער קאָן אויפוועקן דעם הויף. זיין געזאַנג נעמט איבער אים די שליטה.

צוערשט האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ איינער פון די אָרעמע לייט, וואָס שלאָפן אין פּאָליש פון דער קברנישער קלויז. ער טוט אַ שטורכע דעם שכן אויף דער פּאָדלאָגע:

— גדאַלקע זינגט...

ביידע לאָזן זיך צו דער טיר. נאָך זיי גייען אַרויס די איבעריקע שלעפער, וואָס האָבן זיך איבערגעוועקט פונעם געזאַנג. אַלע שטייען אויסגעשטעלט אין אַ האַלבקרייז אַנטקעגן כיור און דערוועגן זיך ניט אויסצורייִדן אַ וואָרט. זיי ווייסן, אַז גדאַלקע איז מסוגל איבערצורייסן ביי דעם מינדסטן רעש. איבערן הויף גייט אַוועק אַ שושקעריי, אַז גדאַלקע גיט קאָנצערט. אָט רוקט זיך צו צום געזעמל זעלדע די טוקערקע. דער סופר רוקט אַרויס דעם קאָפּ פון זיין פענצטערל. פון חנה־ריוולס טשיינע שיטן זיך אַרויס אַלע קאָרטנ־שפּילער. אויף לעצט לויפט אָן הינדע די קעכין פון וועלפּקעס קנייפּע. מיט אַ האַלב אָפּגעפּליקטן עוף, וואָס זי האַלט פאַרן לאַנגן האַלדז, שטייט זי אַ פאַר־

גאַפּטע הינטער אַלעמען. רחלע האָט זיך באַהאַלטן צווישן די פּילאַרן און זיך אויף צוגעהערט. זי האָט זיך ניט דערוועגט צוצוגיין נענטער, זי האָט זיך געשעמט פאַר אירע טרערן. ניט חלילה טרערן פון צרות, נאָר פון שימחה — גדאַלקע זינגט. איר גדאַלקע זינגט...

זינט רחלע איז אויפן שולהויף, האָט זי ניט געהאַט אַזאַ גוטן ווינטער ווי דעם לעצטן. אין דער ביליקער קיך האָט זי טאַקע געמוזט גיין ווי תמיד, אָבער דערפאַר איז זי ניט געווען אַליין. גדאַלקע איז געווען מיט איר און זי האָט געהאַט מיט וועמען אויסצוריידן אַ וואָרט אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן. און ניט נאָר ריידן. זי האָט אים אויך געקאָנט האַלטן פאַר אַ האַנט. ער האָט זיך שוין ניט געריסן ווי אַ ווילדער. ער האָט געקאָנט אפילו אַ מאָל זיך אָפּרייסן פון זיינע מחשבות וועגן חזנות און איבערפרעגן: טאַקע אַזוי? דער קייסער אַליין?...

רחלע האָט זיך געקליגט איינצומאַשטשען אַ טעפּל ביי זיך אין קאָשיק אויף צו ברענגען גדאַלקען זאַטשירקע פון דער ביליקער קיך. אַוורעמקע דער אַנאַרכיסט האָט איר געגעבן פאַר אים אַ צוגעברענטן שינעל פון די פייער־לעשער. זענען זיי ביידע געזעסן בעת די פּראַסטיקע נעכט אינעם פאַרהייזל פון דער ווייבערשער באָד. ווייבער, ביים גיין אין דער מיקווה, פלעגן בור־טשען:

— ס׳איז ניט קיין אָרט פאַר אַ מאַנצביל...

אָבער זעלדע די טוקערקע האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק, ווייל וווּהין זאָל זי זיי טרייבן אין אַ קעלט?...

מער ניט פריייטיק צו נאַכט, אַז ס׳האָט זיך געמאַכט אַ פּראָסט, איז געװען שלעכט. די באָד איז געווען פאַרמאַכט. אין דרויסן האָט די קעלט ניט געלאָזט עפּענען ס׳מויל. פלעגט רחלע זיצן ביי זיך אין קאַמער, ריידן צו זיך אַליין, און קוים דערלעבן דעם פרימאָרגן.

יענעם פרייטיק איז גראָד ניט געווען אַזוי קאַלט. אַ געדיכטער שניי האָט געשאָטן אויפן שולהויף, פאַרדעקט די שפּורן פון לעצטע דאַוונער. אַ שבתדיקער טישטעך האָט זיך אויסגעשפּרייט אויפן הויף. דורך די שול־פענצטער האָט פאַרחידושט אַרויסגעקוקט דער חושך: — זע, ווי ווייס.

צעשטיפטע שנייעלעך האָבן זיך אָנגעלייגט אויף די ווייזערס פונעם קהלשן זייגער און נאָר געוואָלט איבעררוקן די צייט, צעטומלען ייִדן,

רחלע האָט גענומען די חלה מיט דעם פישקנײדל, וואָס זעלדע די טו־קערקע האָט איר נאָך פריִער אַראָפּגעטראָגן און איז אַוועק צו גדאַלקען אים אָנזאָגן, אַז ס׳איז ניט אַזוי קאַלט און מען קאָן אַרויס אַ ביסל אין דרויסן. גדאַלקע איז געשטאַנען פאַרן קעמערל פון די שיימעס און געברומט אַ ניגון. רחלע האָט אים אַרײַנגעלייגט דאָס עסן אין האַנט. געוויינטלעך פלעגט ער יעדע גאָב גלייך לייגן אין מויל מיט גרויסע ביסנס. איצט אָבער, האָט ער עס איר לייטזעליק געררוקט צוריק:

— עס, עס אַליין, איך בין ניט הונגעריק...

פון דעסטוועגן, אַז רחלע האָט צעטיילט אויף העלפט די חלה מיטן קניידל, האָט ער יאָ געגעסן, אָבער אויך ניט געכאַפּט, נאָר באַזאַכט, אונטער־זינגענדיק דערביי אַ שטיקעלע לכה דודי.

דער שניי האָט געשאָטן און רחלע האָט גדאַלקען עפּעס זייער שטיל דערציילט. דערנאָך האָט רחלע געשוויגן און גדאַלקע האָט גערעדט. אַ ווייס־זילבערנער פאָרהאַנג האָט זיי פאַרשטעלט פון דער וועלט אַרום. לאַנג, ביז טיפער נאַכט, זענען זיי געשטאַנען האַנט אין האַנט, דערנאָך זענען זיי פאַר־שוווּנדן אינעם קעמערל פון די שיימעס. די שיימעס האָבן זיך צעשורשעט, זיך אָנגעהויבן סודען און די שנייעלעך, די קונדסים, האָבן פאַרחתמעט די צוגעמאַכטע טיר.

*

אַוורעמקע דער אַנאַרכיסט האָט אָנגעצויגן יוזעלען מיט גאָלדעצקען, אַז זיי זענען ניט קיין חתונה געהאַטע, דאָס קינד איז אַ ממזר, און ס׳קומט זיי קיין גראָשן ניט פאַר קוקן אויף אים. יוזעלע האָט זיך ממש פונאַנדערגע־כליפּעט פון גריזאָטע. די הענדלער אין דורכהויף האָבן זיך געוואָרפן אויף אַוורעמקען, וואָס ער פאַרגיסט בלוט קראַנקע לייט. האָט ער געוואָלט אַלץ גוט מאַכן און צוגעזאָגט יוזעלען, אַז מען וועט פּראַווען אַ נייע חתונה, פון זיכערקייט וועגן. גאָלדעצקע האָט געפּאַטשט מיט די הענט פון הנאה. אַוו־רעמקע האָט געהייסן יוזעלען אויסרופן אויפן שולהויף, אַלע זאָלן קומען ביי נאַכט צו דער שמחה. אַוורעמקע האָט צוזאַמענגעשלעפּט, ווו נאָר אַ קרעמל און ווו נאָר אַ קנייפּע, בראַנפן מיט צובייסן, און אַלץ איז געווען גרייט צו דעם קאַטאָוועס.

די געסט האָבן קוים אויסגעוואַרט די נאַכט, ווען די שמשים שליסן די

שולן. איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי זיך פאַרקליבן הינטערן שטיקל פעלד צווישן דעם אַריינגאַנג צום עזרת־נשים פון דער קברנישער קלויז און דעם פאַרקאַן, וואָס אַרום וועלפקעס קנייפע. ס׳איז זיך צוזאַמענגעקומען אַ גרויסער עולם. ניט נאָר אַלע משוגעים, נאָר אויך די בעטלער מיט ווייב און קינד, אַזש פון אַלטן בית־עולם. אַוורעמקע האָט צוגעזאָגט אַ גוטן טרונק און פאַר־בייסעכץ, וויפל ס׳וועט אַריין. דודל דער פעוויץ האָט געפראַוועט די חופה. יוזעלע האָט מקדש געווען גאָלדעצקען מיט אַן אָפּיצערסקן קנעפל, און מ׳האָט זיך אָנגעהויבן משמח זיין.

*

ווילנע האָט דערנאָך לאַנג גערעדט וועגן אָט דער שמחה. און ס׳איז געווען וועגן וואָס צו רעדן. שמואל דער קאַטערינשטשיק האָט פונאַנדערגע־דרייט דעם אינסטרומענט אויף די הויכע טענער. זיין וועווערקע איז פאַר־שפרונגען צו מערקעס קינדער, וואָס האָבן געריסן מענטשן פאַר די פּאָלעס פון רודניצקער ביז אַראָפּ דייטשע גאַס. יודקע די מאַד איז געקראָכן ווו מען דאַרף ניט. שנייקע האָט שיכורערהייט צוגעגנבעט ביי סענדערן זיין פּאָעמע. סענדער האָט געוואָיעט אין גראַמען. הערשעלע דער ברומאַטש, וואָס האָט געצויגן זיין פרנסה פון געבן קאָנצערטן אויף אַן איינסטרוניקער פידל, איז פאַרפאָרן מיטן סמיטשיק דער כלה אין אויג אַריין. דער פּרעזידענט אָלקע־ניצקי האָט געוואָרפן יידיש געלט דרשה־געשאַנק. אַלע האָבן געפּאַרעט מיט בראָנפן. מען האָט געהאַוקעט, געוויינט, געקוויטשעט. פון די ווילדקייטן האָבן די שויבן געציטערט. דער גאַנצער שולהויף האָט זיך געטרייסלט. לסוף זענען די משוגעים מיט די בעטלער, ווי ניט־דאָיקע, אַוועק אין אַ טאַנץ ביים שייך פון אַ ברעקל לבנה, וואָס האָט מורא געהאַט אַרויסצורוקן די נאָז פון הינטערן קוימען אויפן דאַך פונעם גאונס קלויז.

— אוי, אַ דונער אויף אייך! די פּיס זאָלן אייך דינען נאָר אויף רעמאַ־טעס, אויפן בויך זאָלט איר שרייען! ייִדן, זעט וואָס עס טוט זיך אויפן שולהויף!

דאָס האָט חנה־ריוול פון טשיינע געשאָלטן. אויף אירע געשרייען זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן די שכנים. צוזאַמען מיט ווינצענטי דעם סטראָזש האָבן זיי צעטריבן די מחותנים. ס׳איז שוין טאַקע געווען איבער דער מאָס. רחלע

האָט עס אַלץ געהערט פון דער ווײַטנס און איז געווען צופרידן וואָס גדאַלקע איז לעבן איר, און ניט דאָרט, אויף דער חתונה.

נאָך יענער נאַכט האָט זיך ווינצענטי דער סטראָזש גענומען צו די משוגעים. ער איז געווען מלא רציחה. די ווינצענטיכע איז דעמאָלט אַרויס זען דעם טומל, האָט זי בלויז באַוויזן זיך איבערצלמען און איז גלייך אַני־דערגעפאַלן. זי האָט געמפּלט. ווינצענטי איז אומגעלאָפן מיטן לאָם פון די איין און געסטראַשעט צו פּטרן אַלע ייִדן, קלאָר צי משוגע. ער האָט וועגן אַלץ געמאָלדן אין דריטן קאָמיסאַריאַט און דער ענין איז אַוועק גאָר הויך.

ביסלעכוויין האָט מען אָנגעהויבן אויספאַנגען די משוגעים. אַזוי ווי קיין פּלאַץ אין ניי־ווילייקער דולהויז איז ניט געווען, האָט מען זיי אָפּגע־פירט אין אַ ווייטן שטעטל, קיין אָלקעניק. דאָרט האָט זיי נאַטשאַלסטווע אַוועקגעזעצט אויף קעסט אין אָרעמע שטיבער און געצאָלט דערפאַר די בעלי־בתים.

דער ערשטער איז פאַרשוווּנדן יודקע די מאַד, ווייל ער איז געווען בוי־נער פון אַלעמען. דערנאָך איז אַוועק שנייקע, איסערסאָן, און אַ פּאָר קלע־נערע. יוזעלע מיט גאָלדעצקען האָבן אָנגעשמעקט אַז מען וויל זיי משלח זיין פון ווילנע, זענען זיי פאַרקראָכן אין וואָלאָקומפּיע ביי די דאַטשעס, איבער־ציִען דעם זומער. צו גדאַלקען איז נאָך די גזירה ניט דערגאַנגען. ער האָט אויך פון גאָרניט געוווּסט, ווייל ער האָט זיך צו קיינעם ניט געמישט, פּונקט ווי רחלע. איז ער געזעסן, ווי קיין מאָל גאָרניט, לעבן קעמערל פון די שיימעס און געגעסן רחלעס גאָב. רחלע האָט געהאַט באַזונדערע פּריווילע־גיעס אויפן שולהויף. צוליב איר אייגענעם ווינקל, איז זי אינגאַנצן ניט געווען אויף דער רשימה. אויסער דעם האָט קיינער ניט געקאָנט זאָגן אויף איר אַ שלעכט וואָרט, אפילו ניט ווינצענטי.

גדאַלקע וואָלט זיך אפשר אויך געקאָנט אַרויסדרייען, איז ער די לעצטע צייט, נאָכן אָפּכייענען זיך מיט רחלעס געקעכצן, געוואָרן זייער שטאַרק ביי זיך און אָנגעהויבן פאָדערן מען זאָל אים צולאָזן צום עמוד. ער האָט געקראָגן בלוטן אויף פאַרטשעפּען טראָצקין דעם גבאי מיט טענות, און אויף די הויכע טענער. דאָס האָט שוין קהל ניט געקאָנט סובל־זיין און ער איז אָפּגעמערקט געוואָרן אויף צו שיקן קיין אָלקעניק.

רחלע האָט יענעם טאָג געשלעפּט אַ שווערן קאָשיק פון האַלצמאַרק.

מען האָט איר אָנגעגעבן פון כל־טוב. רוזשקע האָט אַראָפּגענומען די האַנט פון האַרצן און איר אַריינגעוואָרפן אין קאָשיק אַ פעטן וואָנצאָק אויך לייבע דער הינערניק איז ניט אָפּגעשטאַנען און צוגעלייגט אַ דרייבע. און אַלץ צוליב דעם, ווייל רחלע האָט אויסגעזען ווי אַ פּאָפּקע, נאָר אַ ברכה צו מאכן. מערניט וואָס דער בויך ביי איר האָט זיך די לעצטע צייט אַ ביסעלע פאַרשפּיצט. רוזשקע האָט עס שוין לאַנג געהאַט באַמערקט. יענע האָט געהאַט אַ גוט אויג אויף אַזעלכע זאַכן. זי האָט איצט געוואָלט זיך טיילן וועגן דעם מיט די איבעריקע פישערקעס, איז אונטערגעקומען אַ קונד און זי האָט ניט געקאָנט אָפּטרעטן פון דער באַלייע. דערווייל האָט רחלע אויסגעמאָלט די פישערקעס, ווי דער קייסער וועט קומען אין דער גרויסער שול הערן גדאַלקען דאַווענען. זי האָט זיי אויך געוואָלט דערציילן ווי גדאַלקע זיצט לעבן איר אין די נעכט שוין ניט אויפן עק באַנק, און ווי ער האָט איר געזאָגט, קוים נעמט מען אים אין דער גרויסער שול, לאָזט ער אָפּ די רייזע קיין וואַרשע, צוזאמען מיטן שידוך. ער קען ניט סיראָטעס טאָכטער, און ס׳איז רעכט, אַז זי איז גאָר יענע שלומפּער.

געקומען מיט דער משא אַ צערויטלטע אויפן שולהויף, האָט זי דערפילט אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט. רחלען איז פּלוצעם שווער געוואָרן דער קאָשיק. זי האָט דערזען ווי צוויי גויים פאָרען זיך אַרום גדאַלקען און נעבן זיי אַ געזעמל מנחה־דאַוונער פון קברנישער קלויז. ביי דער גרויסער שול איז געשטאַנען ר׳ אייזיק דער שמש. אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער הייך פאַר דער פאַרבראַנדזעוועטער שול־טיר, מיט די גרויסע שליסלען אין האַנט, האָט ער אַן אַנטשלאָסענער געהיט דעם מישכן. די ברייטע פּלייצעס און די גרויע באָרד ביזן גאַרטל האָבן גערופן צו דרך־ארץ פאַרן שומר. גדאַלקע האָט געפּאַקט זיינע פאָר שטיקלעך שמאַטעס אין אַן אַלטער צייטונג. ביים זוכן אַרום זיך דאָס אָנגעגרייטע שטריקל, האָט ער דערזען רחלען. ער האָט גאָרניט געזאָגט און גענומען בינדן דאָס פּעקל. רחלע האָט זיך אָפּגערופן:

— גדאַלקע ווו גייסטו? איך קום דאָך באַלד מיטן עסן...

גדאַלקע האָט אַ בורטשע געטאָן:

— מען נעמט מיר צו פון דאַנעט...

רחלע האָט אויפגעריסן אַ פּאָר אויגן:

— ווו? ווער?

— איך ווייס ניט... זיי וועלן מיר פירן... — ער האָט אָנגעוויזן אויף די פּאָר גויִים.

— אויף אַלע מאָל?

— מסתמא... ר׳ אייזיק האָט זיי געזאָגט, אַז איך קריג ניט די שטעלע... כ׳האָב אַליין געהערט.

רחלע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום שמש. ער איז שוין איצט ניט געשטאַנען אַזוי פעסט ווי פריער, אַ פּלייצע ביי אים האָט זיך פאַרבויגן, און דער בליק זיינער איז געשוווּמען צום געזעמל דאַוונער. רחלע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום שמש:

— ר׳ אייזיק, זאָגט זיי, אַז ער דאַרף דאָ בלייבן, אַז ער וועט האָבן די שטעלע...

ביים שמש האָט די באָרד געציטערט. ער האָט הייזעריקלעך אַ מורמל געטאָן:

— גיי, גיי, מיין קינד, אַהיים. דיר טשעפּעט מען דאָך ניט. גיי...

רחלע האָט ניט נאָכגעלאָזט:

— ר׳ אייזיק, זאָגט זיי. — זי האָט אָנגעהויבן רייסן די שליסלען ביים שמש פון האַנט. — עפנט אויף די שול. זאָל ער זיך שטעלן ביים עמוד, וועלן זיי אים אָפּלאָזן, איר׳ט זיי זאָגן...

ר׳ אייזיק האָט זיך געוועהרט:

— רחלע, גיי אַהיים. עס פעלט נאָך צרות?...

צוערשט האָט זי זיך פונאַנדערגעוויינט. דערנאָך איז איר געוויין אַריבער אין אַ העשעריי.

זי האָט געהאַלטן דעם שמש פאַרן האַנט און געיאָמערט:

— ר׳ אייזיק, גדאַלקע האָט מיר צוגעזאָגט... ר׳ אייזיק, לאָזט אים ניט גיין...

פאַר די פּאָר מינוט, וואָס רחלע איז געווען איינגעשטשעמעט אינעם שמש, האָבן שוין די גויִים באַוויזן צו דערפירן גדאַלקען ביזן אייזערנעם מויער ער איז געגאַנגען צווישן זיי אַ באָרוועסער, מיט זיין האָב און גוטס אונטערן אָרעם. רחלע האָט אָפּגעלאָזט דעם שמש.

— גדאַלקע!!

דעם ערשטן מאָל האָט דער שולהויף רחלען שרייען געהערט. און דעם

לעצטן מאָל. זי האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך גדאַלקען, אים נאָכגעיאָגט און אַ פּאַרוויינטע גערעדט עפּעס צו אים. די גויִים האָבן זי געטריבן, אָבער זי האָט ניט נאָכגעגעבן און געשפּאַנט הינטער זיי.

...און אַזוי איז זי אַרויס דורך יידישע גאַס פון ווילנע.

אַן אַנטלאָפענער פון אָלקעניק האָט דערציילט, אַז ער האָט דאָרט געזען רחלען מיט אַ קינד ביים בוזעם, אָבער גיי גלייב אַ משוגענעם...



...זייער טרייפענע ליבע, עלינקעס פינצטערע ברויט, בונקעס דאָליע —
דאָס אַלץ פלעכט זיך דורך זייערע פינגער...

# עלינקע דער הויכער

ס׳איז געווען די צייט ווען חיים זעליקס האָט געזוכט וויטישע חברים. אָרקע דער הונדערטער האָט פאַרלייגט אַן אייזנסקלאַד, און בכלל — אַ סך בלאַטע זענען אַרויס אויף אַ וועג. אפילו כייקל האָט אָפּגעטראָטן זיינע צוויי שיקסעס בערטע דער טויבער, און פאַרן געלט געעפנט אַ בירעלע נעבן דער פאַרשיווער רעמיזע. פאַר וואָס דאָס איז געווען אַזוי, איז שווער צו וויסן. אפשר דערפאַר, וואָס די עלטערע בלאַטע האָבן זיך געוואָלט אַ ביסל סטאַט־קעווען, אַריינגיין אין באַלעבאַטישן גראַד, טאָן שיינע שידוכים. אָדער, אפשר, זענען דעמאָלט גלאַט בלאַטע געשעפטן אָוועק אין דר׳ערד אַריין. ד׳ גויים האָבן געריסן דעם פאַך פון די הענט. יאַנעק די באָסאָווידלע האָט שוין אויך געקראָגן שכל זיך צו רייבן אויפן האַלצמאַרק צווישן די פויע־רים. דעם טערקס ממזר האָט אַפילו געהאַט די חוצפה זיך צו שטעלן אויף דייטשע גאַס טשאַטעווען אַ קרבן. אַ גליק נאָך וואָס די טאַנדעטניקעס האָבן אים געגעבן צו פאַרשטיין דורך אונטערהאַקןביידע אויגן, אַז דייטשע גאַס איז ניט פאַר גויישקע גנבים. אַנדערש וואָלט אויסגעקומען הירשקען די האַל־בע חלה אַוועקגיין מיטן וויב און קינד איבער די הייזער. בכלל האָט זיך דעמאָלט געשטאַרקט די אַחדות ביי יידן. ס׳איז געווען אַ שווערע צייט. גויים האָבן געדריקט פון אַלע זייטן. טאָמער האָט אַ מאָל טייבקע, חיימס שוועסטער, פאַרבלאָנדזשעט מיט איר קאַוואַליער אין טעליאַטניק, זענען זיי געקומען פון דאָרט צעקיילטע. חיים האָט געוואָלט אונטערצינדן גאַנץ אַנטאָקאָל. מ׳האָט אים אונטערגעטראָגן, אַז אַנטאָקאָלער שקצים האָבן באַוויזן העל־דישקייט אויף זיין שוועסטער מיט איר יאָלד. יודל סאָליץ, דער גבאי פון קצבישער קלויז, האָט געשריגן: חיימל, מיין קינד, זאָל דיר גאָט אָפּהיטן פון ברענגען צרות אויף יידן. מיר׳ן זיי בעסער טרייבערן איינציקווייז, ווי מיר ווען נאָר אונטערכאַפּן. כאָטש די בלוטן האָבן אין אים געקאָכט, האָט חיים געפאָלגט — פאָרט אַ קינד פון אַ שטוב. האָט ער זיך באַרויקט, און דערנאָך, איין מאָל, אָפּגעוואַרט אין אַ טונקעלער נאַכט צוויי שקצים נעבן אַנטאָקאָלער שפּיטאָל, געעפנט זיי די בייכער און אַוועקגעפאָרן אַהיים.

פּעלטע, שמעון דעם איזוואָזשטשיקס ייִנגערער זון, איז געשטאַנען מיט דער דראָזשקע און געוואַרט אויף אים.

אָבער דאָס האָט די גויִים גאָרניט אויסגעלערנט. פאַרקערט, זיי זענען געוואָרן נאָך ערגער. ס׳איז שוין דערגאַנגען דערצו, אַז די בעסערע לייט, די סטודענטן, האָבן זיך געוואָרפן אויף יידן אין גאַס און געשלאָגן יידישע קינדער אין אוניווערסיטעט. דאָקטאָר וויגאָדסקי, דער באַשיצער פון ווילנער יידן, איז אַ מאָל אַריינגעקומען צו יודלען אין יאַטקע, און זיך שווער אָראָפּ־געזעצט אויפן קלאָץ — וואָס טוט מען? ווי פאַרהיט מען יידישע קינדער זאָלן קאָנען לערנען? יודלען האָט אַזש פאַרדריקט ביים האַרצן. ער וואָלט געמעגט שווערן, אַז ביים דאָקטאָר זענען געווען טרערן פון די אויגן. וואָס טרערן? בלוט איז אים גערונען פון די אויגן — אַזוי האָט שפּעטער יודל דערציילט אין אַרטעל. דאָקטאָר וויגאָדסקי האָט דאָך געהאַט אויפן קאָפּ אַלע ווילנער ייִדן — פון די הינערניצעס, וואָס פּאָליציי האָט געריסן ביי זיי די קאַשיקעס, ביז די סטודענטן, וואָס מ׳האָט געטריבן פון די לימודים. יודל איז, מחמת דרך־ארץ, געשטאַנען פאַרן דאָקטאָר וויגאָדסקי און אים געטרייסט: דאָקטאָר, אַ געזונט אין אייער קאָפּ, קלעמט זיך ניט, מ׳עט זיי אַרויסשרויפן די פיס און אַריינשטעלן שוועבעלעך, וועלן זיי וויסן, די גזלנים, ניט צו טשעפּענען אונדזערע סטודענטן.

*

אין קצבישן אַרטעל האָט זיך געקאָכט. יודל סאָלץ האָט געקלאַפּט אין טיש און געשריען: בורילעס, רעדט איינציקוויז! מ׳זאָל זאָגן, אַז ס׳איז געוועזן אַ סך עולם, קאָן מען ניט; נאָר ס׳האָט זיך געטומלט ווי בעתן אָפּ־נעמען דאָס פליייש אין בוינע. אין באַנק האָט זיך געבראָכן אונטער קלמנען, חיים זעליקס און מייליעכקע וואָפּניקן. אָקעגנאיבער זענען געזעסן, זייער סאָליד, קושקע מיט דאָדקע די טויז. — איר פאַרשטייט? — האָט יודל גע־טענהט — איך קאָן דאָך ניט אָוועקזעצן זיך מיט די סטודענטן אין אוני־ווערסיטעט לערנען. ווער וועט זיין אין יאַטקע? דער שניפּישיקער רב? ווייל ווען איך בין דאָרט, אויף אָן אָרט, וואָלט ווער עס איז זיך גערוקט צו אַ יידיש קינד אַראָפּוואַרפן אים פון באַנק? גלייך דעם ערשטן שגץ צע־פּיאַטשקע איך די נאָז און לאָז איבער פון זיין טושע נאָר אַ שטיקל אויף

מרפה; אָבער אַז איך בין אַ געבונדענער צו דער יאַטקע, זענען זיי דאָרטן גרויסע גיבורים...

מען האָט לאַנג געזוכט עצות ווי צוצוקומען צו די גויים. קלמנקע האָט געשריִען מען זאָל דאַבוווען אַ פּראָסטע באָמבע, וועט ער זי אַריינוואַרפן ווו מען באַדאַרף. חיים זעליקס האָט פאָרגעשלאָגן אַלע זאָלן אַוועקגיין צום אוניווערסיטעט און אָפּוואַרטן די גאַנצע חברה. האָט אים יודל דערמאָנט, אַז ס'איז פאַראַן אַ דריטער קאָמיסאַריאַט אויף דער וועלט. מיילעכקע וואָפּ־ניק האָט זיך נאָר געוווּנדערט פאַר וואָס קאָן מען ניט צוגיין אין קריסטלעכן סטודענטן־פאַראיין מיט די פליישהעק און זיי זאָגן אַ פּאָר ווערטער. יודל האָט אים גלייך פאַרשריען: דאָס איז ניט גוט פאַר ייִדן. איין קושקע האָט געשוויגן.

יודל סאָליע האָט זיך געקראַצט אַ פּאה: וועט מען אונטערפירן דאָקטאָר וויגאָדסקין? ניין! ניט אין צעך. מען מוז געפינען אַן עצה.

אַן עצה האָט מען געפונען. מאָטקע דער קייסערל האָט זי געגעבן. צופעליק זענען אַרויס פון איצקע חנה באָבקעס קנייפע זאַמקע די פליגעלע, חיימקע דער האָז און מאָטקע דער קייסערל. האָבן זיי געזען עס ברענט ליכט אין אַרטעל, זענען זיי אַרויפגעקומען, אפשר זיצט דאָרט זייער גוטער ברודער עלינקע דער הויכער. עלינקען האָבן זיי ניט געטראָפן, זענען זיי געבליבן הערן וואָס דאָ טוט זיך.

יודל סאָליע איז ניט געווען גליקלעך פון זייער אַריינקומען. ערשטנס, זענען זיי ניט געווען פון פאַך. זיי האָבן זיך אויפגעגיוכעט מיט עלינקען ניט דורך דער אַרבעט, נאָר דורך טרינקען בראָנפן. צווייטנס, איז לעצטנס געקומען צו שווערע מחלוקתן אין בוינע צווישן די שינדערס און עלינקע דעם הויכן. עלינקע, וואָס איז אויך געווען אַ שינדער, האָט אויפגעהערט קומען צו דער אַרבעט, נאָר זיין חלק שכירות האָט ער געפאָדערט גלייך מיט אַלעמען, אַניט וועט זיך גיסן בלוט. דערצו נאָך האָט ער זיך נוהג געווען צו ברענגען מיט זיך מאָטקע דעם קייסערל אָדער זאַמקע די פלי־געלע, יענע זאָלן מיט די מעסערס אין די הענט אים העלפן האַלטן זיין צוזאָג. קושקע מיט דאָדקע די טויז, וואָס זייערע מיידלעך אויף שניפּעשיק האָבן זיי אַריינגעצויגן אין אַ חברה פון קאָסאָוואָראָטקעס, האָבן געשריען אין בוינע, אַז עלינקע זאָל אַוועקנעמען די הענט פון פּראָלעטאַריאַט. איצט, אַז די שונאים האָבן זיך געטראָפן אונטער איין דאַך, און דאָדקע האָט אַ

כקרעזע געטאָן מיט די אויגן פון אַרונטער דעם דאַשעק אויף מאָטקע דעם קייסערל, איז יודלען געוואָרן זייער קאַלעמוטנע. די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז באַלד דאַרפן דאָ גיין קלעפּ, הוילע, גרויסע ; אָבער גאָט צו דאַנקען, די געסט זענען געבליבן זיצן ביי דער טיר און קוקע מיט דאַדקען האָבן גאָרנישט ניט געזאָגט.

מאָטקע דער קייסערל האָט זיך געפילט פאַרשולדיקט ביים דאָקטאָר וויגאָדסקי. מאָטקעס טאַטע האָט אַ מאָל, יונגערהייט, געהאַט אַראָפּגעגנבעט ביים דאָקטאָר זיין קאַראַקולנע פּאַפּאַכע, ווען יענער איז אין אַ ווינטער־נאַכט געפאָרן מיט אַ שליטן אויף נאָוואָראַד צו אַ קימפּעטאָרין. יאָרן האָבן די בלאַטע ניט געקאָנט מוחל זיין מאָטקעס טאַטן אָט די גאַזלעוואַיע. אויף מאָרגן האָט זעליק בעל טובה, בכבודו ובעצמו, אָפּגעבראַכט די פּאַפּאַכע, אָבער די אַבידע אויפן טאַטן איז געבליבן און טונען בראָנפן האָבן ניט געקאָנט אָפּוואַשן אָט דעם פלעק אין דער משפּחה. דערפאַר האָט מאָטקע זיך אַזוי פאַראינטערעסירט מיטן ענין, כאָטש ער האָט זיך ניט געמישט אין פּאָליטיק. מ׳האָט זיך צוגעהערט צו אים בכובד ראש, ווייל ווי עס זאָל ניט זיין, איז ער געווען דער בעסטער שטעכער אין ווילנע. ער האָט קיין מאָל ניט סתם אַריינגערוקט ס׳מעסער, נאָר מיט אַ מאָס. די לענג פון שטאָך פלעגט ער אָפּשטעלן מיטן גראָבן פינגער, אַוועקלייגנדיק אים אויפן קלינגל ביים ריכטיקן מרחק. פאַר אים איז געווען געווען אײן קוק, און ער האָט שוין, ווי אַ געניטער טאַנדעטניק, געוווּסט וואָס פאַר אַ מאָס איעדער באַדאַרף אויף אָנסטראַשען, אָדער אויף פּטרן.

מאָטקע האָט געהייסן יודל סאָלצן אַוועקגיין צו גאַלפּערין פון די אייזן, אויף דייטשע גאַס, און קויפן פאַר דער גאַנצער חברה צווייער־מעסערס. גאַלפּערין זאָל עפּענען אַ ניי קעסטל סחורה און פון דאָרט ניט פאַרקויפן קיינעם קיין מעסערס, נאָר האַלטן דאָס קעסטל געעפנט אונטערן ליאַדע. שטעכן זאָל מען די יורקעס מיט אַ מאָס — צוויי פינגער גרעב פונעם שפּיץ. ווו מ׳וועט נאָר עמעצן כאַפּן, זאָל מען אים לאָזן אָדער און גלייך צ׳ען. טאָמער טרעפט זיך אויפן וועג אַ שמעקער און געפינט דאָס מעסער, זאָלן אַלע טענהן אין איין קול, אַז דאָס געצייג האָט מען געקויפט אין דער פרי ביי גאַלפּערין צו דער אַרבעט. גאַלפּערין זאָל אַלע מאָל זאָגן באָם, אויב מ׳וועט אים פרעגן. ער זאָל זיך שווערן מיט דער ווייב און באַווייזן דאָס קעסטל.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָקטאָר וויגאָדסקי זאָל רעדן מיטן אַדוואָקאַט טשערני־כאָוו — טאָמער אַ ספּראָווע, זאָל יענער וויסן ווי און ווען. און דאָס איז עס. מ׳וועט צעשניידן אַ ביסל שקצים, וועט ווערן שטיל אין שטאָט און מ׳וועט קאָנען נעמען רויִק אַ ביסל בראַנפן.

האָט קושקע דעמאָלט געהאַלטן זיין באַרימטע רעדע, וואָס איז לאַנג ניט פאַרגעסן געוואָרן אין אַרטעל. אָט וואָס ער האָט געזאָגט:

— אין דער צייט ווען די אינטעליגענציע איז אָפּגעריסן פון די מאַסן און אַ נאַש בראָט לאָזט מען ניט אַריין אין ר׳עאַל־גימנאַזיע אויף אַ דאַנסינג; אין דער צייט ווען די רעאַקציע האָט גענומען אין אַרענדע דעם אַרבעטער־קלאַס און טרייבערט אים אויף אַלע זייטן — וויל מען אונדז וואַרפן אויף די באַריקאַדן פאַר פרעמדע שוואַרציאַרן. נאָר גאָרניט. מיר׳ן האַלטן דיס־ציפּלין. איך און דאָדקע וועלן ניט אָפּשטיין פון קאַמף; אָבער וויסן זאָלט איר, אַז דער טאָג איז ניט ווייט. וואַנקע קלאַפּט אַלעמען. ס׳וועט אַ לייכט טאָן די זון פון דער קאָנסטיטוציע, אַז ס׳וועט פינצטער ווערן די רעאַקציע אין די אויגן. דעמאָלט וועט פאַר אַלעמען זיין טייבעלע־קאָך־פיש, מיר זע־נען גליקלעך; נאָר פריִער וועלן מיר זיך באַפרייען פון די אינעווייניקסטע שונאים, די פאַרעטער פון אַרבעטער־קלאַס, די קולאַקעס: עלינקע דער הויכער און זיינע גוטע ברידער, ס׳זאָל זיי פוילן אַ פּאַכווע. ס׳עט קומען דער מאָמענט און מ׳וועט עלינקען אַריינלייגן אין דר׳ערד אַריין, ווי לאַנג ע׳ר איז. און איצט, טראַג איך אַריין אַ פאָרשלאַג מ׳זאָל אַראָפּגיין צו איצקען באַנעצן דעם גאָרגל. זאָל לעבן די רעוואָלוציע!

*

עלינקע דער הויכער האָט זיך צעקריגט מיטן ווייב. צייט ער האָט זיך באַקאַנט מיט בונקע די הינערניצע, האָט זיך אָנגעהויבן ביי אים ברעכן ס׳לעבן. אסתרקע, זיין ווייב, האָט אים שוין מערניט געקאָנט צוטרעפן. וואָס זי האָט געטאָן, האָט ניט געטויגט. און דאָס איז געווען צו פאַרשטיין. זי האָט זיך ניט געקאָנט אונטערשטעלן אונטער בונקען, וואָס איז געווען שיין, יונג, מיט אַ האַלדז. אסתרקע איז גלייך ניט געווען קיין שידוך פאַר אים. זיין שוואָגער, אָרקע דער הונדערטער, האָט זיך געהאַט איינגעגעסן: נעם אסתרקען, וועלן מיר דיך אַריינגעמען אין ברודער־פאַראיין. קיין פּרנסה וועט ניט פעלן. דער ברודער־פאַראיין איז צעפאַלן געוואָרן בעת מען האָט

זעליקן בעל־טובה געכאַפּט מיט געשמוגלטן טאַבאַק, און עלינקע איז גע־בליבן ביי זיין שלאַק. איז ער אַוועק צו אָרקען און אים געפּרוווט דערווייזן, אַז אויב מיט נדן איז ער אַרויס ווי פּורטע פון די ציגל, טאָ צו וואָס דאַרף ער זיין שוועסטער, די מורזע, פּאַר אַ ווייב? אָרקע האָט אים קורץ דערקלערט, אַז חתונה האָבן איז ווי וויעטשנע קאַטאָרגע, און אויף דעם איז ניטאָ קיין אַפּעלאַציע. מ׳קאָן אַפילו פרעגן אַדוואָקאַט טשערניכאָוו. דערנאָך האָט ער עלינקען אָנגעזאָגט, אַז טאָמער קומט ער נאָך אַ מאָל וועגן זעלבן ענין, וועט זיך ענדיקן ביי זייביידן אויף נאַס. אַזוי ווי אָרקע איז געווען אַ פירמע, וואָס אַ וואָרט איז אַ וואָרט, איז עלינקען איבערגעבליבן בלויז צו זוכן פאַרטרינ־קען די צרות און עסן ס׳לעבער ביי דער ווייב. פלעגט ער זי שטעכן מיט אַ וואָרט, אַ מאָל מיט אַ מעסער... טאָמער איז זי געלאָפן צום ברודער מיט אַ געוואַלד: דער ראַזבאָיניק וויל מיר הרגענען — האָט זיך עלינקע פאַר־ענטפערט, אַז ס׳איז געווען אַ חכמה, מען האָט געשטיפט...

עלינקע האָט געבענקט. אין ברודער־פאַראיין איז תמיד געווען פריי־לעך. יעדע נאַכט האָט מען געטרונקען ביי עמעצן אַנדערש. אַלע טירן זע־נען געווען אָפן. מ׳איז געגאַנגען איבער יאַטקעווער גאַס אין דער ברייט. יאַנקל דער פּאָליצמייסטער פלעגט ברענגען שיקסעס אַזש פון פּאָספּיעשק. ביי שליימקע פּייסקעס האָבן זיך די טישן געבראָכן פון כיבוד. איצט איז עס אַלץ אַוועק מיטן רויך. זעליק האָט געפּראַוועט גבאות אין שול פון דער לוקישקער טורמע און אָרקע האָט זיך געריסן אויף געוואַלד ווערן אַ יוסטער באַלעבאָס.

עלינקע האָט געבענקט נאָך די פּאָר יאָר, ווען ער איז געגאַנגען אויס־געפּוצט אין מיטן וואָך אַזוי ווי אַ גראַף. די פּאָר שעוראָענע שטיוול מיט דער וועליורענער קורטקע האָבן פאַרכאַפּט אַן אויג. און ווי נאָך, אַז ער האָט דערצו אָנגעטאָן דאָס געקראַטעוועטע היטל, איז ניט געווען איינער, פון ראָגאַטקע ביז נאָווגאָראָד, מיט אַזאַ פּאָסטאַווע.

ער האָט אויפגעהערט אַרויסצוגיין אויף דער אַרבעט. עטלעכע גוטע ברידער האָבן אים איינגעאָרדנט אין בוינע, אָבער ער האָט זיך דאָרט ניט געפונען קיין אָרט. און ס׳איז ניט קיין ווונדער. דאָ שיינט די זון. אַרום ווילִיע, דעם טייך, ליגט אַלץ אין גרין. אין וואָלאָקומפּיע קאָן מען נעמען אַ שיפל ביי וולאַדיסלאַוו דעם לאָדאָטשניק און אַרויפוויאָסלעווען מיט בונקען ביז ווערִיק און אין בוינע האַלט קושקע ביינערדיקע רעדעס מיט אַפּטיי־

קערשעווערטער. ס׳ווערט אומעטיק אויפן הארצן דאָס הערנדיק. כאילו דאָס אַלץ, וועגן וואָס קושקע רעדט, קאָן פאַרבייטן דאָס ליגן אויפן רוקן אַקעגן בלויען הימל, זשמורען די אויגן, און זען די וועלט דורך די שפּאַ־רונעס אין אַלע קאָלירן פון בונקעס סטענגעס. ווען קושקע איז אַן אייגענער יינגל, וואָלט ער אים מיטגענומען צו דער ווילִיע — זאָל יענער דערזען כאָטש איין מאָל די ריכטיקע פרייהייט. איז דאָך אָבער קושקע אַ פאַר־קאָכטע יוכע, וואָס די שניפּישיקער מיידלעך האָבן אים פאַרדרייט אַ קאָפּ. ער האָט נאָך אַריינגעשלעפּט אינעם עסק דאָדקען די טויז, וואָס איז אַ מאָל געווען גאָר אַ ווילער יאַט.

*

אין בוינע האָט זיך געררודלט. די צרות פון עלינקען זענען שוין דער־גאַנגען ביזן האַלדז. אַפילו עלטערע שינדערס האָבן אָנגעהויבן הייבן אַ קולאַק. מ׳רעדט שוין ניט פון קושקען מיט דאָדקען די טויז, וואָס האָבן געריסן וועלטן צו פאַרטיליקן די שונאים פון אַרבעטער־קלאַס. דער ריכ־טיקער רעדנער איז געווען קושקע, וואָס איז די לעצטע צייט געוואָרן אַזוי גראַמאָטנע, אַז ס׳איז געווען אַ מורא זיך אונטערצורוקן ביי אים אונטער דער האַנט. דאָדקע האָט בלויז אונטערגעבורטשעט, ניט אָפּצושטיין פון דער באַוועגונג.

כדי צו באַווייזן, אַז ער עסט ניט אומזיסט ברויט, האָט עלינקע גענומען אויף זיך, ניט געבעטענערהייט, אויפצומאָנען חובות ביי סוחרים. אַזוי וואָלט אַלץ גוט געווען, נאָר דאָס, וואָס ער פלעגט פאַרגעסן אַריינצוטראָגן דאָס געלט אין אַרטעל. חברה שינדערס האָבן געוואָרנט די קצבים מיט האַרבן וואָרט, זיי זאָלן ניט געבן עלינקען קיין פּרוטה. פלעגט, אָבער, עלינקע מיטנעמען מיט זיך זאַמקע די פליגעלע און מאַטקע דעם קייסערל, ווי עדות, אַז ס׳איז אין בעסטער אָרדענונג. ווי נאָך, אַז מאַטקע האָט בעתן קאַסירן דעם חוב זיך געשפּילט מיטן מעסער, איז עס דאָך געווען דער בעסטער באַווייז, אַז מען דאַרף סילוקן און ניט פרעגן קיין שאלות. חיימקע דער האָז פלעגט אפילו פאַרשרייבן וויִפל מען האָט באַקומען, ווייל געלט האָט ליב אַ טאַטן. זיך צעטיילט מיטן פּדיון, זענען זיך די איינמאָנער צעפאָרן איבער שטאָט, — חיימקע צו שטראַלס ביליאַרדאָווע, מאַטקע מיט

זאַמקען צו איצקען אויף בראָנפן, און עלינקע דער הויכער צו בונקען אין יאַטקע.

*

בונקע האָט זיך פאַרליבט אין עלינקען פון ערשטן אויגנבליק. באַקאַנט האָבן זיי זיך אויף אַ חתונה ביי די קאַראָוועס אַ טאָכטער. מ׳האָט געשיכורט ביז פאַר טאָג. אַלע זענען געלעגן אונטער די טישן. אייך עלינקע האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס, געטאַנצט מיט בונקען, און איר געשושקעט אין צעפלאָמטן אויער אַריין: זאָל איך אַזוי האָבן די פריי, בונקעלע, אויב כ׳האָב נאָך ווען עס איז געזען אַזאַ פּרויענצימער ווי דו... בונקע האָט זיך, מכלומרשט, געווערט, צוריקגעוואָרפן: דערצייל דאָס דעם פּאָליציאַנט מיט דער לאַנגער באָרד — אָבער טיף, הינטער דעם הויכן בוזעם, האָט זיך דאָס האַרץ גע־וואָרפן, ווי אַן עוף, גלייך נאָך דער שחיטה.

זיי האָבן אָנגעהויבן אַרומגיין צוזאַמען. אין אָוונט קומט עלינקע העלפן אויפשטעלן די הינערשטייגן, בונקע וואַשט אָפּ דעם טיש, נעמט צונויף דאָס דרויב. דערנאָך פאַרשליסט מען ס׳געשעפט, און מ׳איז פריימאַיאָר, די גאַנצע וועלט איז זייערס, קיינעמס אַ האָר ניט. וואוהין גייט מען? אין יידישן טעאַטער אויף נאָוואָגראָד, אָדער גאָר אין טעליאַטניק, זיצן אַ ביסל נעבן שלאָסבאַרג? בונקע זאָגט, אַז ווו מען זאָל ניט גיין, דאַרף מען אויסזען לייטיש. זאָל עלינקע וואַרטן אויף איר ביי זעליקן, ער וועט דערווייל דאָרט כאַפּן אַ ביס אַ שטיקל קישקע, צי אַ טעלער אייטער, און זי וועט אַוועקגיין אין שטוב זיך איבערטאָן. זי׳ט ניט גיין צווישן מענטשן אין אַ כאַלאַט.

*

אין טעליאַטניק קומט זומער די לבנה ניט צו. די קאַשטאַנען־ביימער לאָזן זי ניט אַדורך. זייערע קרוינען זענען זיי אַראָפּגעפאַלן אויף די פּאַטיל־ניצעס אָדער אויף די שטערנס, און פון זיקנה האָבן ניט די ביימער קיין כוח אַרויפצורוקן זיי צוריק אויף די שפּיץ קעפּ. די לבנה זוכט אויף טשי־קאָוועס אַ שפּאַרע צווישן די ביימער און געפינט ניט. איז ניט. גייט זי ווייטער, פאַרביי דער ווילענקע צו די קרייצבערג, און לאָזט איבער דעם גאָרטן אין חושך.

עלינקע מיט בונקען זיצן אויף אַ באַנק, נעבן די קאָשאַרן, האַלטן זיך

פאַר די הענט און פירן אַ שמועס. זייער טרייפּענע ליבע, עלינקעס פינצטערע ברויט, בונקעס דאַליע — דאָס אַלץ פלעכט זיך דורך זייערע פינגער און קלאַפּט אין געמיט מיט זיפצן און קושערייען.

— האָב איך דיך האָלט, בונקעלע, כ׳וואָלט געקאָנט אַזוי זיצן מיט דיר צוויי נעכט אָן אַ גלעזל בראָנפן...

צייט בונקע שפּילט אַ ליבע, האָט זי זיך דערוווּסט, אַז אַ האַרץ קאָן אויך ווײ טאָן, פּונקט ווי אַ צאָן, און אַ מאָל נאָך ערגער. זי קרעכצט אָפּ.

— עלינקע, רייד ניט, איך פאַל אַוועק. ווי קאָן מיר איינגיין דיין האָלט האָבן, אַז אסתרקע איז אין מיטן.

— דאָס איז אויך אמת — פאַרשוויגט עלינקע, און בײדע טײלן זיך עטלעכע רגעס מיט זייער אומעט.

— מילא, עלינקע, קלעם זיך ניט. אפשר וועט דער אייבערשטער העלפן, ס׳עט איר מיאוס ווערן, און זי׳ט נעמען אַ גט. גאַנץ יאַטקעווער גאַס ווייס, אַז ס׳איז אַ ריינער צו־להכעיס. בערקע די בוזאַנע איז געוואָרן אַ גאַנצער שמעלקע מיט איר. ער ברענגט צו אָרקען פּעק מיט מעשענע קליאַמקעס. מ׳זאָגט, אַז אַלע פאַראַדנע כאָדן אויף גרויס־פּאָהוליאַנקע זענען געבליבן אָן קליאַמקעס. איצטער האָט ער זיך איבערגעקליבן אויף טראָקער גאַס. נאָר דאָס אַרט מיר ניט. יעדער האָט זיין מסחר. ערגער איז דאָס, וואָס די שינדערס שרייען, אַז ס׳עט זיי אויסקומען דיר צו רופן צו אַ דין־תורה. און דו ווייסט דאָך, אַז ביי אַ דין־תורה וועלן זיי דיר פאַר־טרייבן אין פלאַש. עלינקע, האָב רחמנות, הער אויף צו גיין אויפן פאַלנעם זיכער. די בורילעס וועלן ניט שוויגן. דאַרפסט געלט — קום, זיי מיט מיר אין יאַטקע, איכ׳ל דיר אָפּגעבן די גאַנצע לייזונג.

עלינקע גיט זיך אַ ריס פון באַנק. בונקע האַלט אים קוים איין.

— איכ׳ל נעמען ביי אַ פרויענצימער געלט? ווער בין איך עפּעס, מישקע קראַסאַווטשיק, צי איצקע דער געלער? מיט וועמען רעדסטו?

עלינקע גיט אַ וואָרף אָפּ בונקעס האַנט. בונקע בלייבט זיצן אַ פאַר־צאַגטע. עס רייסט זיך אַרויס פון איר:

— אָט דאָס איז די באַצאָלונג פאַר מיין טריישאַפט. טאַקע ווי אין יידישן טעאַטער. כ׳האָב אים אָנגערירט דעם האָנאָר. איי, איך שלאָף ניט גאַנצענע נעכט, דאָס רעכנט זיך ניט...

עלינקע הערט ווי בונקע שנייצט די נאָז. עס ווערט אים ענג ביים

לעפּעלע, ווי מ׳וואָלט אים אָנגעטאָן אַ כאַמעט. ער זעצט זיך צוריק אַראָפּ אויף דער באַנק, און זוכט אין דער פינצטער בונקעס האַנט.

— נו, הער שוין אויף צו וויינען, הער אויף צו פּלאַנכענען, זאָג איך דיר. מאַכסט מיר אַ לאָך אין האַרצן. מיינסט, אַז מיר איז גוט. אָבער ווי גיי איך אַרויס פון דער שפּיל? איך קאָן זיך ניט שטעלן טאָן ביי יענעם. מיר ציט, דער קלאָג ווייס ווו. ווען איך קאָן דאָס דיר אַלץ ריכטיק אויס־דרייען. מ׳זעט דאָס אַמאָל אין קינעמאַטאָגראַף. מענטשן פאָרן אויף פערד, דרייען מיט די שפּייערס, פאַרנעמען ערד. איך מיט דיר האָבן דאָרט גע־דאַרפט זיין. אַרום איז פריי, נאָר פעלד און וואַלד, וואַסער און הימל. און דו זאָגסט מיר — גיין אין יאַטקע באַדינען די מאַדאַמען.

בונקע ווישט אויס רעכט די אויגן, און טוליעט זיך צו איר מאַנצביל:

— אין עק וועלט וואָלט איך מיט דיר געגאַנגען, קראַסאַוועץ מיינער, גערעטעניש...

עלינקע נעמט זי אַרום מיט איין האַנט, און מיט דער אַנדערער צייכנט ער אינעם חושך זיינע פּלענער:

— מ׳עט מאַכן אַ ביסל געלט, וועלן מיר אַוועקפאָרן פון דאַנעט. מיר׳ן קויפן ערד, מיר׳ן האָבן אייגענע פערד, פעלדער. וועסט זען, בונקעלע, ס׳וועט אונדז זיין גוט ווי די וועלט...

— איך ווייס, עלינקע, איך ווייס...

אין טעליאַטניק איז שטיל. די לעצטע פּאָר שיקסעס האָבן זיך דורכגע־דרייט אין אַלעע און אַוועק שלאָפן אָן אַ פּדיון. אויפן קאַטעדראַל־פּלאַץ האָבן זיך פאַרלאָשן די ליכטער. דאָס דערמאַנט בונקען אין אָנקומענדיקן פאַרטאָג, ווען זי וועט דאַרפן לויפן אין שחיטה־שטיבל נאָך סחורה. מיט אַ שווערן קאָפּ, ווי נאָך אַ גוט גלעזל, רייסט זי זיך קוים אָפּ פון עלינקעס הענט. זי הייבט זיך אויף פון באַנק. עלינקע נאָך איר. ער פּוצט מיטן האַנט־פלאַך די הויזן און די כאַליעוועס פון די שטיוול, גלייך ער האָט אַראָפּגע־לאָזט פון זיך אַ זעקל מעל. דערנאָך גייען זיי ביידע צוריק פון זייערע ברייטע פעלדער צו דער געוועלבטער, שמאָלער גלעזער־גאַס, ווו בונקע האָט אַן אַלקער ביי שמואל־זלמן דעם קראָסינעניק.

*

עלינקעס חברים האָבן געהאַט אַן אַבידע אויף אים. די לעצטע צייט

האָט ער אויפגעהערט זיך סקאָמפּאַניעווען מיט זיי. אָפּגענומען ביי אַ קצב דאָס געלט, צעטיילט מען זיך מיט דעם נאָ־כאָדו און פּאַרטיק. ניט קיין גלעזל בראָנפן צוזאַמען, ניט קיין פּראָל אויף די טיר ביי איצקען, ס׳זאָל די געסט דאָרט ווערן קיל אין די בייכער. מ׳האָט געמאַכט דערפון אַ טרוקע־נעם געשעפט, אין דער צייט ווען ביי זיי איז דער עיקר מ׳זאָל וויסן ווער אין שטאָט זענען די שטאַרקע. אָט האָט שוין געטראָפן אַז מאָטקע דער קייסערל מיט זאַמקע די פליגעלע זענען אַריין קויסענען צו כייקלען און אַ פּאָר שינדערס האָבן זיך געגעבן אַ שטעל צו זיי. עלינקע איז דערביי ניט געווען האָבן זיי ניט קיין מורא געהאַט. חיימקע דער האָז האָט זיך נאָר געבראָכן דעם קאָפּ וואָס טוט עלינקע מיטן געלט? ניט ער טרינקט, ניט ער שפּילט. בונקע שטייט אין יאַטקע ווי געווען, קיין קאָטיקענעם מאַנטל פּאָר איר ביי שייקע אַסן האָט ער ניט איינגעהאַנדלט. וואָס קאָן דאָ זיין? מ׳דערציילט פון אים מאָדנע זאַכן. אַ גאַנצן זומער האָט ער זיך געדרייט אויף ראָנע־פּאָלע, ווו דאָקטאָר שאַבאַדס זון, דער אַגראָנאָם, האָט ספּעק־טעס. ער איז אַרומגעגאַנגען עפּעס אין גאַנצן פאַרדרעטשעט. מאָטקע האָט אים דערמאָנט, אַז מען דאַרף אַריינגיין דאָ, דאָרט, אויפמאָנען אַ ביסל חובות. עלינקע האָט זיך אַרויסגעדרייט מיט אַ תירוץ — ס׳איז נאָך ניט די צייט. אַזוי ווי מאָטקע האָט לעצטנס אָנגעהויבן מאַזענען אין שטראָלס ביליאַרדאָווע און געבליבן אָן אַ גראָשן, איז אים עלינקעס אויסרייד אין גאַנצן ניט געווען צום האַרצן. חיימקע דער האָז איז נאָך פריער אַרויס פון דער שפּיל אָן אויסגעצוואָגענער. איז געבליבן מ׳זאָל פּרווון גיין נעמען געלט אויף כוח, אָן עלינקען. זאַמקע האָט זיך אַ ביסל געקווענקלט: אָן עלינקען איז דער גאַנג קיין גאַנג ניט. יענער גייט אַריין אין אַ יאַטקע, איז דאָ וועמען צו זאָגן גוט מאָרגן; אָבער מאָטקע האָט זיך איינגעשפּאַרט — דער מעסער וועט ריידן...

ווען יודל סאָלץ האָט דערזען, אַז עלינקע פעלט אין דער דעלעגאַציע, האָט ער זיך געפּרוּווט דינגען, אָפּשלעפּן. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און מאָטקע האָט אַריינגערוקט די האַנט אינעם שופלאָד מיטן לייזונג. דאָס האָט שוין יודלען אַרויסגעבראַכט פון די כלים. ביי עלינקען האָט ניט געקאָנט געמאָלט זיין אַזאַ מין זאַך. אמת, יענער האָט אויך גענומען, אָבער דער פּאַסאָן איז געווען אַן אַנדערער... יודל האָט זיך קעגנגעשטעלט און גע־כאַפּט פון מאָטקען מיטן מעסער, בלויז מיטן שפּיץ, אויף אָנצוסטראַשען.

איצט האָט יודל אַ נעם געטאָן די האַק. זאַמקע האָט דערזען, אַז מ׳איז פאַר־קראָכן צו ווייט, האָט ער אָפּגעריסן מאַטקען און אַלע האָבן געצויגן פון יאַטקע. אויפן וועג האָט זאַמקע אויפגעוויזן די שותפים ווי גערעכט ער איז געווען. אָן עלינקען ברעכט זיך דאָס געשעפט. עלינקע האָט בלויז געדאַרפט טיפער אַראָפּציִען דעם דאַשעק איבער די אויגן, איז שוין געווען געלט. און דאָ האָט קיין מעסער אויך ניט געהאָלפן, ווייל מאַטקע איז ניט אָנגענומען ביי די סוחרים. ס׳איז פאַר זיי קיין פירמע ניט, מיט שטעכן.

*

אין קצבישן אָרטעל האָט זיך שוין ווידער געקאָכט. יודל סאָלץ האָט ניט געקאָנט קלאַפּן אין טיש צוליב דער פאַרוווּנדעטער האַנט — מאַטקעס אַרבעט, האָט ער געשריען אויף קולי־קולות. מ׳האָט אים געהערט ביז אַרויף קאַמניצקער גאַס: — מיר׳ן דאָס ניט דורכלאָזן! די אורקעס זאָלן וויסן, אַז ס׳איז ניט הפקר אַ וועלט!...

אַרום די ווענט זענען געזעסן עטלעכע נייע באַעוולטע, ווי לייבע דער הינערניק, סתם אַן אומזיסטער קרבן, ווייל ער האָט דאָך גאָרניט געהאָט קיין שייכות צו דער בוינע, און אַבראַשע די בלעכענע קאָפּ מיט זיין ברו־דער דעם טויבן עליע.

— מען האָט זיך געוואָרפן אויף יודל סאָלצן — האָט יודל געשריִען און זיך געקלאַפּט מיט דער געזונטער האַנט אין ברוסט אַריין — און ווער? מאַטקע דער קייסערל, וואָס אין גוטע יאָרן, מיט איין בלאָז, פּלאַצט ער ביי מיר ווי אַ פּענכער. ווען ניט עלינקע, רייניקט דאָך אַזאַ אָפּבראָך הינערשע פּופּיקעס אויף חיונה. מיר׳ן דאָס ניט נאָכלאָזן. ס׳איז אַ חרפה פאַרן פאַך. אַלעם ערשטן אָביאָווע איך מאַטקען, זיין פוס זאָל ניט זיין מער אין קצבישער קלויז, אָפילו ניט ימים־נוראים. טאָמער זע איך אים דאָרט, מעג זיין אַפילו ביי קריאת־התורה, עפן איך אים די קליאַטקע. צווייטנס, פאָדער איך, מ׳זאָל רופן עלינקען צו אַ דין־תורה, ווי ס׳איז נאָך פריִער גערעדט געוואָרן. ווען מ׳פאָלגט מיר גלייך, און מ׳רופט עלינקען זיך זעצן צום טיש, וואָלט שוין שטיל געווען.

אַבראַשע די בלעכענע קאָפּ האָט געיאָדעט יודלען:

— עלינקע וואַרט מ׳זאָל אים נאָר רופן. יענער לאַכט זיך אויס פון אייער היטעלע. ס׳איז רעכט אַזאַ בראַדזידלע זאָל זאָגן, אַז ער אַליין איז

אַ דיין. איר שפּילט זיך מיט אים? פאַר וועמען האָט אַזאַ מורא, אויסער פאַר אסתרקען? איז שוין אויך ניט. טאָמער פלעגט ער זיך פריער שאַרן מיט בונקען ביי די ווענט ערגעץ אויף נאָוואָסטראַיקע, גייט ער מיט איר איצטער פאָדרוצקע איבער גאַנץ דייטשע גאַס.

פון דעסטוועגן האָט יודל געפועלט מ׳זאָל רופן עלינקען צו אַ דין־תורה. פּסקענען וועט זעליק בעל־טובה. וואָס קאָן זיין העכער?

אַבראַשע האָט אים ווידער אַ יאַדע געטאָן:

— און טאָמער פאָלגט ער ניט דעם פּסק־דין?

האָט זיך יודל פונאַנדערגעשריען:

— בלעכענער קאָפּ! עקשן! אויב זעליק בעל־טובה האָט שוין אויך ניט קיין וואָרט ביי די בלאַטע, איז דאָך לית־דין ולית־דיין. קאָן זיין אַזאַ זאַך אין ווילנע?...

דאָ האָט קושקע גענומען דאָס וואָרט. פריער פון אַלץ האָט ער געטאַדלט דעם פינצטערן קלער, אין דער געשטאַלט פון יודל סאָלצן, וואָס וויל מיט דין־תורהס שטאַרקן דעם פּראַנט פון די האַרעפּאַשניקעס. קעגן עלינקען דאַרף מען אָננעמען רעוואָלוציאָנערע מיטלען, ככתוב אין דער לעצטער בראָשור, וואָס די חברטע גיטל האָט פאַרגעלייענט דעם לעצטן פּרייטיק־צו־נאַכטס אויף שניפּעשיק. מיט דעם וואָס עלינקע האָט פאַרראַטן די רייען, האָט ער זיך אַליין פאַרמישפּט אויף ליקווידאַציע. דעריבער דאַרף מען אויף טישצענײנציק כפּרות די דין־תורה, נאָר בעסער זוכן ווי צו מאַכן אים קאַלט און אַראָפּ פון מאַרק! נאָר די פראַגע וועט מען באַטראַכטן אויף אַן ענגערער פּלאַטפאָרמע, ניט מיט קיין קליינבירגער און נאָכלויפער פון קאַפּיטאַליזם.

אויף דער ענגערער פּלאַטפאָרמע, אין כייקלס בירעלע, האָבן זיך אין עטלעכע טעג אַרום אַרויפגעזעצט: קושקע, דאַדקע די טויז, מײלעכקע וואַפּניק און אַבראַשע די בלעכענע קאָפּ. זיין ברודער, דעם טויבן עליע, האָט אַבראַשע ניט מיטגעבראַכט, ווייל קושקע האָט געזאָגט, אַז קאָנספּיראַציע האָט ליב מ׳זאָל ריידן הייזעריק. צוליב עליען וועט מען דאַרפן שרייען, און ס׳וועט זיך אויפלויפן גאַנץ שטאָט. קושקע האָט געפירט דעם פאָרזיץ. ער האָט געקלאַפּט מיטן פויסט זיך אין קני אַריין און ווידער אַ מאָל פאַר־אורטיילט עלינקעס קאָנטררעוואָלוציאָנערן פּרצוף. עלינקע גייט שוין ניט אין גאַס. ער האָט זיך צוגעקליבן די אומבאַוווסטזיניקע עלעמענטן:

מאָטקע דעם קייסערל, חיימקע דעם האָז און זאַמקע די פליגעלע, זיי זאָלן אים דינען. דאָס איז נאָך ערגער ווי שמד, ווייל ער עקספּלואַטירט אייגענע יינגלעך. מיטן מאָמענט וואָס ער זיצט אין שטוב און וואַרט אויף פּאַר־טיקע, איז ער ניט נאָר אַן אורקע, נאָר אויך אַ בורזשוי, ווען מ׳דאַרף צעטרענען דעם בויך, ווי אַן אַלטן זאַק.

אַבראַשע האָט געשפּיגן קלעק אויף די אידעאָלאָגישע מעשיות. אים האָט געברענט גאָר אַן אַנדער זאַך. מאָטקע דער קייסערל גייט שוין ניט איבער די יאַטקעס. ער שטעלט אָפּ אַ פור מיט פליישׁ אין מיטן גאַס, הייסט זיך אַראָפּוואַרפן אַ גאַנצע בהמה און פאַרקויפט זי דערנאָך די גויִים אין קיילערשע יאַטקע. אַנומלט האָט חיים־כאַנע געפירט פליישׁ, איז אונטער־געקומען מאָטקע מיט זיין חברה און געהייסן איבערלייגן אַ זייטל פליישׁ אויף אַ האַנטוועגעלע, דערנעבן. חיים־כאַנע דער פורמאַן האָט געזאָגט, אַז די סחורה איז אַבראַשעס, האָט ער נאָך געכאַפּט אַ בראָזג איבערן קאָפּ. קאָן דאָס זיין, אַז מאָטקע איז געוואָרן אַזוי שטאַרק ביי זיך, עלינקע זאָל אים שוין ניט דאַרפן אַפילו זאָגן — גיי, איך ענטפער פאַר דיר? איז דאָך דאָס עלינקעס שכל דערביי. דאַרף מען אים פּטרן, און זאָל ער ניט מיינען, אַז ער׳ט זיין באַלעבאָס פון שטאָט.

די גאַנצע צייט וואָס קושקע האָט געדרשנט, האָט דאָדקע אים געקוקט אין מויל אַריין. אַ סך נייע ווערטער האָט ער געהערט פון אים, אַזעלכע שווערע, כישופדיקע, ווי פרעמדע וואַלוטע. איצט האָט ער שוין פאַרשטאַ־נען פאַר וואָס לייקע סאַפּירקע, וואָס זי אַרבעט ביי קאַסאַרן פון די דאַמסקע היט, ווייל אַלע מאָל, בעת די סכאָדקעס, זיצן נעבנטער צו קושקען. זי האָט אַ מאָל געזאָגט דאָדקען, אַז איר ציט צו אינטעליגענטע יאַטן. דאָדקען איז באַפאַלן אַ ווילדע קנאה צום חבר. לייקע סאַפּירקע איז טאַקע געווען זיין מיידל, די גאַנצע חברה האָט געוווסט דערפון, אָבער קושקע ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ גראַמאָטנער, און ער, דאָדקע, גייט אים נאָך, ווי אַ קעלבל אַ קו, און מעקעט בלויז אונטער. אין אַ שיינעם העלן טאָג קאָן לייקע אַ דריי טאָן מיט די קריזשעס, און זיך אַ חנדל טאָן צו קושקען — גרויסער צעליי־גער, אפשר גייט מען היינט אין אָוונט צו פּראָסטן אין טאַנצקלאַס? — און ער, דאָדקע, וועט דאַרפן שטיין ביים וואַנט און היטן די מאַנטלען. וואָס איז ער קלענער פון קושקען? איי יענער רעדט פון אויסנווייניק?

...און אָט, זיצנדיק אויף דער ענגער פּלאַטפאָרמע, האָט זיך ביי דאָד־

קען דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעריסן אַ פּאָר אייגענע ווערטער: וואָס איז דאָ צו ריידן, איכ׳ל אים ענדיקן און מיט אַ קלאָג די מאַלעריי... קושקע האָט באַקומען די שטומעניש פון איבעררעשונג. אויף אַזאַ רעוואָלוציאָנערן שריט מצד דאָדקען האָט ער זיך לגמרי ניט געריכט. ער האָט געוואָלט וואָרענען דעם חבר, אַז צו אַזאַ זאַך דאַרף מען האָבן בלוטן, און זיין מער אידעאָלאָגיש צוגעגרייט; אָבער אַבראַשע די בלעכענע קאָפּ האָט אָנגעהויבן פּויקן דאָדקען איבערן פּלייצע און שרייען, טראָץ דער קאָנספּיראַציע: אָט דאָס פאַרשטיי איך לשון!... מיילעכקע וואַפּניק האָט זיך אויך אויסגעטשוכעט פון קושקעס הויכע רייד און פאָרגעלייגט נעמען צו קאַפּעלעך בראָנפן. דערנאָך איז מען געזעסן מיט צעפּאַרעטע טשופּרינעס און געפּלאַנעוועט געניוער עלינקעס סוף. נאָכן צווייטן ליטער איז אַלץ געווען גענוי אַרומגערעדט. מיילעכקע וועט באַזאָרגן פון בראָנזניק אויף גיטקע־טויבעס זאַוווליק, דעם שפּייער, וואָס ליגט ביי יענעם פאַרמאַלינעוועט צייט דער ברודער־פאַראיין איז זיך צעפאַלן; דאָדקע וועט אָפּטשאַטעווען עלינקען, און קושקע מיט אַבראַשען וועלן נאָכפּאָרן דאָדקען מיט אַ דראָזשקע אויפצונעמען אים, און אָפּציִען גליַיך, ווי ס׳וועט זיין נאָך אַלעם.

אויף דעם האָט מען זיך געזעגנט. קושקע האָט באַגלייט דאָדקען אַהיים, אַרויף נאָוואָגראָד, און גערעדט מיט אים וועגן דער וויכטיקייט פון אָט דער אַרבעט. ענדלעך וועט דער וואַקלדיקער שיכט האָרעפּאַשניקעס דערזען ווער ס׳האָט כוח אים צו באַפרייען פון זיינע אונטערדריקער. די אויגן פון דער גאַנצער באַוועגונג זענען איצט געווענדט צו אים, צו דאָדקען. און דאָדקע האָט איצט גאָרניט געהאַט אין זינען די אויגן פון דער גאַנצער באַוועגונג, נאָר בלויז איין פּאָר שוואַרצע, סאַזשיקע אויגן, באַצויגן מיט חלום, ווי די ווילִיע ביי נאַכט. לייקע חלומט וועגן לאַנד, ווו מען איז פּטור געוואָרן פון די מאַדאַמען און מען זינגט אַזעלכע שיינע לידער. נאָך דעם אַלעם וועט ער דאָך מוזן אַנטלויפן איבער דער גרענעץ. לייקע וועט ניט אָפּשטיין. זי טראַכט שוין לאַנג פון דעם. ער ווייס דערפון. דאָרט וואַרט אויף זיי אַ גרויסע וועלט. ער׳ט זיך צולערנען דאָרט ריידן אַזוי ווי קושקע. לייקע וועט אויך לערנען, און זיי וועלן נאָך אַ מאָל זיך אומקערן צוריק און באַפרייען גאַנץ ווילנע.

*

און אַזוי האָט מען אַוועקגעהרגעט עלינקע דעם הויכן. דער זומער איז

בײַ אים אַוועק אין ליגן אויפן וואָלאָקומפּיער זאַמד, אָדער אין דרייען זיך אַרום אַגראַנאַם שאַבאַד, אויף יענעמס ערד אין ראַנע־פּאָלע. שאַבאַד האָט קײנמאָל ניט דערציילט פאַר וואָס עלינקע איז געוואָרן אַזוי צוגעזאָטן צו אים, אַז ער האָט פאַרלאָזט זיינע חברים און די פּרנסה. אין בוינע האָט מען גערעדט, אַז עלינקע האָט געגומען ביים אַגראַנאַם אַ וואָרט צו שווייגן. ס'איז אמת געווען. עלינקע האָט זיך געשעמט, ער האָט ניט געוואָלט די חברה בוידזעלעך זאָלן אים פאַרהויטשען, אַז ער וויל וויסן די אַרבעט פון אַ פאַר־מיעשטשיק. ביי יעדער גלעזל בראָנפן וואָלטן זיי אים אָנגעצויגן, אַז ער האָט שוין אַלץ צום מאַיאָנטעק, נאָר אַ פאָר וואָנצעס פעלן אים.

דער זומער איז אַוועק און עלינקע איז נאָך אַלץ אומגעגאַנגען ווי האַלב געטרונקען. אייגענע מענטשן האָבן אים געבעטן אויף אַ חתונה, אַ טשאָלנט שבת, סתם פּטרן אַ ליטער, פלעגט ער זיך אַרויסדרייען. גאַנצענע נעכט איז ער געשטאַנען מיט בונקען הינטער איר טויער, און מען האָט גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. וואָס זיי האָבן געגעני גערעדט ווייס מען ניט, בלויז זעלדע, שמואל־זלמן דעם קעראָסינעניקס וויב, האָט געהערט בונקען שרייען פון שלאָף:

— עלינקע, האַלט די פערד! עלינקע...

אין אַ ווינטערדיקן אָוונט איז עלינקע געגאַנגען דורך דייטשע גאַס צו בונקען אין יאַטקע. זי האָט אים געבעטן קומען העלפן אַ ביסל, מ'זאָל קאָנען אַרויסגיין פריער. אין יידישן טעאַטער האָט מען געשפּילט „אַ האַרץ וואָס בענקט", און בונקע האָט זייער געוואָלט דאָרט גיין זיך אויסוויינען אַ ביסל אויף אירע צרות.

גראָד היינט האָט זי ניט געהאַט וואָס צו וויינען. עלינקע איז געגאַנגען צו איר מיט פריילעכע נייס. אסתרקע האָט אים אין דער פרי געמאָלדן, אַז ער קאָן גיין פון איר כאַטש היינט, מיט אַ פוס אונטערן אָרעם, און בונקע זאָל טראָגן די אַנדערע. זי וויל ניט מער די שניפּעשיקער שלומפערס זאָלן מאַכן פון איר פענדזע. לאָז מען זיך גטן, און שוין. בערקע די בוזאַנע וועט זי טראָגן אויף די הענט.

דער פריִאָוונט האָט זיך געלייגט אַפּרוען אין דער גרויסער, רויטער

פלאַש, וואָס אינעם פענצטער פון פרומקינס אַפטייק. די גאַזפלעמלעך אין וויטרינע האָבן אים געברענט די טריט. האָט ער געוואָרפן אַ בייזן שאָטן אויף דער פאַרשנייטער גאַס. אין אָט דעם שאָטן איז געשטאַנען דאָדקע די טויז און געוואַרט אויף עלינקען. דאָס אייז פאַרן שוועל פון אַפטייק איז ניט געווען אַרומגעהאַקט, און עלינקע האָט זיך דאָרט שיער ניט אויסגעגליטשט. ביים אויסגלייכן זיך איז שוין דאָדקע געווען נעבן אים. פון שפּייער האָט דאָדקע געשאָסן דורך דער קעשענע פונעם קאַזשוך. נאָכן פערטן שאָס איז נאָך עלינקע אַלץ געשטאַנען אויף די פיס. ער האָט זיך איינגעשטשעמעט מיט אַ האַנט אינעם פרענט פונעם פענצטער־לאָדן, איז געשטאַנען אַזוי, און אַראָפּגעקוקט, אָן איין קרעכץ, צו דאָדקען, ווי די קוילן וואָלטן אַוועק פאַרביי אים. אַ רגע האָט זיך דאָדקע פאַרלאָרן, אָבער גלייך געקוועטשט ווידער אויפן צינגל. עלינקע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט אַ האַנט פאַרן זייט און פאַרבייגן אַ קני. דאַן האָט ער זיך געטראָפן פּנים־אל־פּנים מיט דאָדקען. עלינקע האָט זיך אַ צי געטאָן צו דאָדקעס האַנט, און אַ רעווע געטאָן: דאָדקע, פאַר וואָס? דאָדקע האָט אים גאָרנישט געענטפערט. ער האָט זיך פונאַנדערגעהעשעט, אַ וואָרף געטאָן דעם שפּייער אין שניי, און אַנטלאָפן געוואָרן.

גלייך ביים ערשטן שאָס זענען זיך אַלע טאַנדעטניקעס צעלאָפן אין די קראָמען. אַפילו אַז ס'איז שוין געוואָרן שטיל איז נאָך אַלץ קיינער ניט אַרויס אין דרויסן. עלינקע האָט זיך געשאַרט ביי די מויערן פון דער לײדי־קער גאַס און געזוכט, ווי אַ בלינדער, יעדן שטיקל גזימס, וואָס האָט אים געקאָנט דינען ווי אַן אָנהאַלט צו דערגיין ביז בונקעס יאַטקע. בונקע האָט שוין דערווייל געהערט די בייס פון אַ הענדלערקע מיט געפּראָרענע עפּל, וואָס איז אַנטלאָפן מיטן קאָשיק פון דייטשע גאַס. אַ צעשויבערטע, מיט פאַרבראָכענע הענט, האָט בונקע אַרויסגעשטורעמט פון יאַטקע, עלינקען אַנטקעגן. אָנגעשפּאַרט אויף איר, איז עלינקע אַריינגעפאַלן אין יאַטקע. בונקע האָט גלייך פאַרהאַקט טיר און לאָדן.

ער איז געלעגן הינטערן ליאַדע, ווו בונקע האָט אים פאַרשטופּט, אויס מורא פאַר נאָך קוילן. די אויגן האָט עלינקע געהאַלטן צוגעמאַכט. ערשט איצט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ געענדיקטער, ווייל ס'האָט אים געדאָרשט נאָך פּשוטן וואַסער, און ניט נאָך בראָנפן. בונקע איז געזעסן נעבן אים אויפן דיל און אונטערגעהאַלטן אים דעם קאָפּ. אירע טרערן זענען אים געפאַלן אויפן פּנים. אין זיין פאַרנעפּלטן מוח האָט זיך געקלאָרט אַ זעונג

פון אַ זומערדיקן רעגן ביים ברעג טייך. ער האָט פאַרמאַכט איר האַנט אין זיינער. בונקע האָט זיך נאָך מער פונאַנדערגעיאָמערט.

— וואָס האָבן זיי געהאַט צו דיר? לעצטנס איז דאָך שוין אַלץ גוט געווען... האָסט דאָך אַלץ פאַרלאָזן...

עלינקע האָט גערעדט ווי פון שלאָף:

— זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, גאָרניט האָבן זיי פאַרשטאַנען...

בונקע האָט זיך געבעטן:

— עלינקע, האָב רחמנות אויף מיר, עפן אויף דיינע שיינע אויגן, וועל איך דיך קאָנען לאָזן אַ רגע אַליין און צולויפן צום דאָקטאָר זאַרצין...

עלינקע האָט מיט די לעצטע כוחות אויפגעריסן אַ שפּעלטל אין זיינע אויגן און נאָך געפּרוווט שמייכלען דערביי:

— מען דאַרף ניט בונקעלע, זאַרצין וועט דאָ אויך ניט העלפן. איך ענדיק זיך, בונקעלע, דאָדקע האָט מיר גוט צוגערעכט געמאַכט.

בונקעס געוויין האָט צעפּלאָשעט די הינער אין די שטייגן. זיי האָבן געפינטלט מיט די אויגן, געזוכט אַ פּשר פון דער גאַנצער זאַך, און זיך אומרויִק געביטן מיט די ערטער אויף די פּאָפּערעטשקעס.

— וויין ניט, בונקעלע, וויין ניט, זאָג איך דיר. זאָלסט נעמען דאָס גאַנצע געלט און אַוועקגיין פון דאַנעט מיט אַ גוטן יינגל, אַן אייגענעם... אַוועקגיין ווייט, צו פעלד... צו וואַלד... ווייט...

— עלינקע, מיין פאַרשוין, מיין גערעטעניש, ווער וועט דיר פאַרבייטן? ווער וועט באַהייבן דאָס וואָס דו? עלינקע, מיין העלד, כ'האָב דיר אַזוי האָלט... עלינקע...

— איך דיר אויך, בונקעלע, איך אויך, זאָל איך אַזוי האָבן די פריי...

— — — — — — — — — — — — —

יאָרן האָבן די צייטונגס־פאַרקויפערס כאַנע־באַשקע און זעווקע דער שפּיגעלע געהאַט פּרנסה פון פאַרקויפן דאָס ליד וועגן עלינקע דעם הויכן. אַ ניט־היגער פּאָעט האָט עס געמאַכט. אפשר געדענקט עמעצער דעם ניגון?...



ער האָט גאָר געחלומט פון אַ לעבן, ווו די פּרנסה גייט פון זיך...

# גראַף שטשאַוויע

זוסקע דער פּאַריקמאַכער איז געווען אַ יונג אַ פראַנט. ער איז ניט אַרויס אין גאַס אָן אַ רעקל. אויף זיינעם אַ שוך איז ניט געלעגן קיין שפּריג־קעלע. אַלע נאַכט האָט ער געפּרעסט די הויזן אונטער מאַטראַץ. איצט איז ער געשטאַנען קעגן שפּיגל ביי זיך אין פּאַריקמאַכערסקע און געשאָרן די וואָנצן. אין פּאַריקמאַכערסקע איז קיינער ניט געווען, האָט ער געהאַט צייט זיך אָפּצוגעבן מיט יעדן האָר באַזונדער. די וואָנצן זענען געווען זיין שטאָלץ. אויף גיטקע־טויבעס זאַווליק, ווו ער האָט געוווינט און געהאַלטן זיין ראַ־זורע, האָט מען געזאָגט אויף אים, אַז ער איז אַ מאַנצביל מיט אַ פּאַסטאַוועּ. זוסקע אַליין איז אויך געווען זייער צופרידן מיט זיין אויסזען, אָבער דאָס לעבן איז אים ניט איינגעגאַנגען. ס׳האָט אים געעקבערט וואָס ער דאַרף היניען אין אַ פּאַריקמאַכערסקע. ער האָט גאָר געחלומט פון אַ לעבן, ווו די פּרנסה גייט פון זיך, און אַליין איז מען פאַרנומען מיט לופטיקע ענינים. זיין טאַטע, אַרטשיק דער קאַמאַשנמאַכער, האָט אים אַזוי פאַרסמט. יענער האָט אַלץ געטאָן, דער זון זאָל זיך ניט פּאַטשקען ביי די כאַלעוועס. ער האָט אים אָפּגעגעבן אויף דער לער צו בענדלען אין פּאַריקמאַכערסקע, וואָס אויפן מיטן דייטשע גאַס. דאָרט האָט זוסקע פאַרזוכט דעם טעם פון אַ ווייסן כאַלאַט און אַן אינטעליגענט וואָרט. ביי בענדלען איז אַריינגעקומען דער העכערער גראַד, ווי טראַצקי פון אַלעיאַרניע, דער באַנקיר בונימאָוויטש, דאָקטאָר פערגאַמענט. אויך גאַסטראָלאָרן פונעם יידישן טעאַטער האָבן זיך דאָרט געשאָרן. ס׳איז געווען אַן ערנסטער געשעפט. ביי בענדלען האָט מען ניט דערציילט קיין כאַכאָטנע וויצן און ניט געגרימפּלט אויף מאַנדאָלינעס. זוסקע האָט געצויגן די בריטווע איבערן רימען און זיך צוגעהערט צו סאָלי־דע רייד. ער האָט זיך אויסגעלערנט באַלעבאַטיש אָפּהוסטן און פאַרבינדן ריכטיק דעם קראַוואַט. פון דאָרט איז ער אַרויס אַ פאָלנער מענטש.

מיט פעסלען האָט ער ניט מצליח געווען. זי איז געווען פאַר אים צו פּראָסט. פעסל האָט אויך געהאַט אירע טענות. זי האָט זיך גוט אָנגעמאַטערט מיט אים. זוסקע האָט געהאַט מאָדנע וויכאָדקעס. זי האָט געמוזט צוליב אים

שטיין טעג ביי דער באַלייע. צוויי מאָל אין וואָך האָט זיך אים געוואָלט בייטן אַ העמד. זי פלעגט אים ניט קאָנען אָניאָגן מיט די שקאַרפּעטקעס. ס'איז איר זייער שווער געווען. איז זי אַוועק. אַפילו דער רוזעלער רב האָט פאַר־שטאַנען אירע טענות. נאָכן גט האָט זיך זוסקע געקויפט אַ פּורפּור־רויטע באַנזשורקע און אַ פּאַפּוגיי. די ערשטע צייט האָט ער געבראַכט דעם פויגל מיט זיך אין פאַריקמאַכערסקע, אָבער יענער האָט זיך דאָרט אויסגעלערנט האַדקע רייד, האָט ער אים אָנגעהויבן לאָזן אין דער היים, ער זאָל ניט ווערן צובאַדזאַיעט. אין דער צירולניע זענען אַריינגעקומען קנאַפּע מהותן, אַלץ מענטשן דערונטערדיקע, ווי די הענדלער פון דורכהויף, צי סתם לצים, שניידער־יונגען, וואָס האָבן ניט געקאָנט פאַרוואַרפן אַ נאָט, נאָר גע־ווען גרויסע בריהס אויף מאַכן פון יענעם אויסצודרייען. ס'איז ניט געווען בענדלס פאַריקמאַכערסקע. ער האָט זיך אַלץ פאַרגעשטעלט גאָר אַנדערש — אי מיט פעסלען, אי מיטן גיין פאַר זיך. זוסקע האָט געמיינט, אַז פעסל וועט פאַרשטיין מיט ווען זי לעבט. מיט דער פאַריקמאַכערסקע, ווידער, איז ער געווען זיכער, אַז ס'וועלן זיך אָפּרייסן צו אים אַ ביסל בענדלס קונדן. אויף זיין אונטערשערן פלעגט מען דאָרטן וואַרטן אין אַ ריי; אָבער אין גיטקע־טויבעס זאַווולק, אַ מינוט גאַנג פון בענדלען, האָבן זיי שוין ניט געוואָלט אַריין. אויף עפּענען אַ פאַריקמאַכערסקע מער צום פּראָנט האָט ניט געקלעקט פעסלס נדן. אַ צייט האָט עס אַלץ זוסקען זייער געקרענקט, דערנאָך האָט ער זיך אָנגעהויבן טרייסטן, אַז מען זאָל קערן די בלאַט אויף צוריק, איז זיין פּלאַץ גאָר ערגעץ אַנדערשוואו, ניט אין אַ ראַזורע.

*

זוסקע האָט זיך אויסגעפּוצט אין אַ געקעסטלטן אַנצוג מיט נייע שטי־וועלעטן, גענומען דעם שטעקן מיט די זילבערנע מאָנאָגראַמען, אַרויפגעטאָן אויפן קאָפּ זיין שוואַרצן קאַטעלאָק, און אַרויס אויפן אָוונט־שפּאַציר. דער גאַנג איז געווען פון גיטקע־טויבעס זאַווולק דורך דייטשע און ווילנער, ביז אַרויף דער מיצקעוויטש־גאַס, צו שטראַלס קאַפע. אויף דייטשע גאַס איז מען שוין צו זוסקען צוגעווינט, אָבער אויף ווילנער און מיצקעוויטש־גאַס דרייט מען אויס די קעפּ צו אים. פרויען גיבן אַ וואָרף פון זייט מיט אַן אויג, און שוין רודלט זיך אין די ווייבערשע מוחות — ווער קאָן עס זיין?... זוסקע באַמערקט די בליקן. ער הייבט העכער דעם קאָפּ, קוקט, מכלומרשט, אַ פאַר־

הידושטער אויף די מויערן, אַ שטייגער ער גייט דאָ דאָס ערשטע מאָל. אַן אויסגעבאָדענער אין דער אייגענער חשיבות קומט ער אַריין אין שטראַלס קאַפע, ווּ עס זאַמלען זיך די סאַמע פּני. זוסקע פאַרנעמט אַ טיש נעבן פענצטער און באַשטעלט אַ האַלבע שוואַרצע. ער זופּט בנעימותדיק זיין קאַווע, דרייט פון צייט צו צייט אַ וואָנץ, און זיין גאַנצער אויפטריט איז כולו ווירדע. ביי די טישלעך שושקעט מען זיך. אַנדערע שטעלן אָפּ דעם קעלנער און פרעגן ווער איז דער גאַסט, אָבער יענער קוועטשט מיט די פּלייצעס. זוסקע זיצט אַזוי עטלעכע שעה און צעטומלט דעם עולם. דערנאָך באַצאָלט ער, לאָזט איבער אַ שיינעם טרינק־געלט און גייט צוריק אַהיים, אויף גיטקע־טויבעס זאַווליק.

*

זוסקע זיצט אין שטוב אָקעגנאיבער דעם פּאַפּוגיי און פּיפּקעט אַ פּייקע. דער רויך וויקלט זיך צום שטייג, און דער פויגל גאַרגלט אַ מיאוסן וואָרט, וואָס ער האָט אונטערגעהערט אין פאַריקמאַכערסקע. דאָס גאַנצע צימער איז פאַרשלייערט אין אַ טונקל־געלבן ליכט. זוסקע האָט זיך איינגעשאַפט אַ יאַפּאַנישן אַבאַזשור, קאָטאַרן שווערע, און אַ געבלומטע טאַכטע מיט אַ וואַ־ליק. אין גאַנץ גיטקע־טויבעס זאַווליק איז ניטאָ אַזאַ וווינונג. בלויז איין זוסקע האָט אַ השגה אין אַזעלכע זאַכן. ער וויים, אַז ער האָט ניט ריכטיק פּאַפּאַדזיעט. מיט זיין פאַרשטאַנד האָט ער געדאַרפט וווינען אויף קליין־פּאָהולאַנקע, צווישן די בעסערע באַלעבאַטים. ווער למשל, אויפן גאַנצן געסל, פאַרשטייט אומצוגיין איבערן שטוב אין אַ באַנזשורקע מיט פּעטליעס ?... אָדער ווער האָט זיך געלאָזט אויסנייען דעם לאַטיינישן בוכשטאַב Z אויף אַ טוץ באַזטיכלעך ?... צי נאָך אַנדערע פּירזונגען, וואָס גיטקע־טויבעס זאַווליק האָט קיין אַנונג ניט דאַרין. און נאָך אַלעם אָנערקענט מען אים ניט. אָט זיצט ער היינט אין שטוב און גייט ניט אין שטראַלס קאַפע. נעכטן האָט דאָרט זוסקע געטראָפן דעם באַנקיר בונימאָוויטש מיט נאָך עטלעכע יידן, בענדלס קליענטן. זוסקע האָט זיך זייער טיף פאַרנייגט, אַראָפּגעכאַפּט דעם קאָטעלאָק פון קאָפּ, ווי עס פּאַסט, און זיי האָבן געקוקט אויף אים מיט גלע־זערנע אויגן. איין בונימאָוויטש האָט, שמייכלענדיק, צוריקגעגריסט. זוסקע האָט באַשלאָסן איבערזיצן עטלעכע אָוונטן אין שטוב ביז ס'וועט זיך איינ־שטילן אין אים די גריזאָטע. ער האָט געזויגן די פּייקע און געטראַכט פון אַ

צייט, ווען ער וועט אַריינגיין צו שטראַלן און די אַלע גרויסע לייט וועלן אים אַנטקעגנקומען און בעטן, ער זאָל זיצן צווישן זיי ווי אַ גלייכער צווישן גלייכע.

*

ביי זוסקען האָבן זיך פאַרבראָכן די געשעפטן. מען האָט אויפגעהערט אַריינקומען צו אים. זיין שטעל און די זויערע מינע האָבן פאַרטריבן אַלע קונדן. און טאַקע אַזוי. אַ פאַבריקמאַכערסקע האָט ליב אַ גלייכוועדטל, אַ הלצהלע, און דאָ גייט אום זוסקע אינעם וויסן כאַלאַט און ענטפערט קוים אויפן גוט־מאָרגן. דער קונד זיצט אַן איינגעזייפטער און ס׳איז אים סומנע אויפן האַרצן, ווי ביי אַ כירורג אונטערן מעסער. אויף יידישע גאַס, גלייך נעבן יאַסען פון די קוואַס, האָט איינער פון ניט־הי געעפנט אַ פאַבריקמאַכערסקע, איז דאָרט אַ פאַרגעניגן אַריינצוגיין. ער ראַזירט און די מויל פאַרמאַכט זיך אים ניט. אַ מעשה און אַ וויץ, און ווי איז מען געשלאָפן, און ווי גייט עס אין יענע זאַכן... די שויבן זשוזשען פונעם מענערישן געלעכטער. מען פאַרגעסט אויף אַ רגע די צרות. אין אַ שטילערן טאָג מאַכט מען דאָרט אויך אַ קערטל.

זוסקע האָט, חלילה, קיינעם ניט פיינט געהאַט. ער האָט בלויז זיך געהאַלטן העכער פון דער גאַנצער באַסער קאָמאַנדע. זיי האָבן פאַלש אויסגעטייטשט זיין פאַרכמורעט פנים, וואָס עס דאַרף טראָגן, לויט זוסקען, יעדער סאָלידער מענטש. וואַרטנדיק טעג אויף אַ בעסערן קונד האָט ער נאָך מער געהאַט צייט צו טראַכטן, אַז זיין לעבן גייט אין ניוועץ, אַז ער איז פאַר דעם יוסטערן גראַד, ווו יעדעס וואָרט האָט אַ האַפּט. דערווייל האָט ער זיך געמוזט קערעווען מיט די פאָר גילדן, וואָס ער האָט געהאַט אין האַנט־ווערקער־באַנק. ווי ער האָט זיך ניט געשטיקט און געדריקט, זענען געגאַנ־גען די הוצאות. זוסקע האָט געהאַט אַ ברייטן פיר. זיין איינציקע האָפענונג איז געווען, אַז ס׳וועט זיך איבערדרייען, ער וועט געפינען זיין ריכטיקן פּלאַץ. אפשר טאַקע דורך אַ גוטן שידוך. וויניק בעסערע פרויען גייען אַריין צו שטראַלן ?... אָט, למשל, בערגערס עלטערע טאָכטער, צי דאָקטאָר פינס אלמנה. גאַנץ ווילנע וויס, אַז זיי זענען צום האָבן.

*

זוסקע איז געווען אין שטראַלס קאַפע און געקומען פון דאָרט אַ גליק־

לעכער. ווען ער שעמט זיך ניט, דערציילט ער דעם פּאַפּוגיי וואָס ס׳איז געשען. דער פויגל איז געשלאָפן מיטן קאָפּ אונטער אַ פליגל און ניט געזען ווי זיין באַלעבאָס דרייט זיך איבערן קאַמער, און שמייכלט צו זיך אַליין. זוסקע האָט אָנגעטאָן זיין באַנזשורקע, זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן שטייג, און איבערגעחזרט אין זכרון אַלץ, וואָס עס האָט פּאַסירט נאָכדעם, ווי ער האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר פון דער קאַפע. דער באַנקיר בונימאָ־וויטש איז געזעסן אַליין ביי אַ טישל. ער האָט געגעבן אַ צייכן זוסקען צו פאַרנעמען אַ שטול נעבן אים. בונימאָוויטש האָט באַשטעלט נאָך אַ מאַרטעל און ביידע האָבן לאַנגזאַם געזופּט דעם געטראַנק. ווייזט אויס, אַז איידער זוסקע איז געקומען, האָט שוין דער באַנקיר באַוויזן אויסצוטרינקען אַליין עטלעכע גלעזלעך. ער איז געווען זייער אויפגעלייגט. ס׳איז אַוועק צווישן אים און זוסקען אַזאַ שמועס:

— ווי גייען ביי דיר די געשעפטן, זוסל?

זוסקע האָט פאַרצויגן אַ ליפּ. ער האָט גלייך ניט געענטפערט. ער איז געווען פאַרנומען מיט אַרומקוקן זיך איבערן זאַל און זען וואָס פאַר אַן איינדרוק עס מאַכט אויף די געסט זיין זיצן מיט בונימאָוויטשן ביי איין טישל. ס׳האָט טאַקע געמאַכט אַן איינדרוק. ער האָט באַמערקט, ווי מען קוקט אויף זיי. אַנדערע האָבן, אַפילו, געהויבן אַ ברעם. אין אַ רגע אַרום האָט זיך זוסקע געכאַפּט, אַז ער דאַרף האַלטן געזעלשאַפט און אָפּגעענטפערט בוני־מאָוויטשן:

— מ... ניט שלעכט... בלויז דאָס וואָס די לעצטע צייט...

— יאָ, ס׳איז באַוווּסט... די צייט איז ניט אַזוי געהויבן — האָט אים בונימאָוויטש איבערגעריסן — אָט, למשל, אין דער באַנק...

דאָס ווייטערדיקע האָט דער באַנקיר פאַרטרונקען מיטן קאָניאַק.

אַזוי זענען זיי געזעסן און צוזאַמען פאַרבראַכט. בונימאָוויטש האָט געפרעגט און זוסקע האָט געענטפערט.

— זוסל, פאַרוואָס ביסטו, אייגנטלעך, אַוועק פון בענדלען? מיר דוכט, אַז ס׳איז געווען אַ גאַנץ גוטער פּלאַץ.

— איכל איך זאָגן דעם אמת, פּאַניע בונימאָוויטש. אַ פאַבריקמאַכערסקע, מעג זי זיין געניקלט פון אויבן ביז אַראָפּ, איז זי פאָרט פאַבריקמאַכערסקע... איז אויב שוין שטיין און מאַכן מולענעס, זאָל זיין פאַר זיך, ניט ביי יענעם. אויסער דעם וואָלט איך וועלן עפּעס גאָר אַנדערש זיין...

בונימאָוויטש האָט געעפּנט אויף אים אַ פּאָר צעשמייכלטע אויגן:

— אדרבא, זאָג, זוסל, וואָס וואָלסטו געוואָלט זיין?...

זוסקע האָט זיך מכין געווען צו ענטפערן, האָט אים דער באַנקיר פאַר־כאַפּט:

— און איך וואָלט איצט אויך געוואָלט עפּעס אַנדערש זיין... — און בונימאָוויטש האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט אַזוי הויך, אַז אַלע האָבן אויסגע־ד׳רייט צו אים די קעפּ. זוסקע האָט שטיל מיטגעלאַכט אונטערן וואָנץ. פּלוצעם האָט בונימאָוויטש איבערגעריסן זיין געלעכטער און אַ פרעג געטאָן:

— זוסל, דו האָסט ליגן געלט ביי מיר אין באַנק?...

אויפן האַק האָט זיך זוסקע צעטומלט. ער האָט זייער געוואָלט קאָנען זאָגן — זיכער, ווי קאָן עס זיין אַנדערש? — אָבער אַז דאָס האָט זיך ניט געלאָזט, איז אים געבליבן זיך צו פאַרענטפערן:

— מיין קאָנטע איז אין האַנטווערקער־באַנק, אָבער כ׳האָב שוין לאַנג געטראַכט אַריבערגיין צו אייך...

בונימאָוויטש האָט זיך דערשראָקן:

— ניין, חלילה, טו עס ניט. ביסטו שוין דאָרט אַ קליענט, איז האַלט זיך ביי זיי...

דערנאָך האָט ער גערעדט ווי צו זיך אַליין:

— און ביי בענדלען דערמאָנט מען דיין שערן ביז היינט...

מיט דעם האָבן זיי זיך געזעגנט.

*

נאָך זייער שמועס איז זוסקע אומגעגאַנגען ווי אין אַ טומאַן. אויף מאָרגן האָט ער זיך געקויפט אַ נייעם אויסבינדער און אָפּגעפרישט ביי לאַמען פון די היט זיין קאָטעלאָק. אין אָוונט איז ער געזעסן ביי שטראַלן און געהאַלטן די אויגן צום אַריינגאַנג, אפשר וועט אָנקומען בונימאָוויטש, אָבער יענער האָט זיך מער ניט געוויזן.

בונימאָוויטש האָט ליב געהאַט מוזיק. איז ער געזעסן אין די אָוונטן ביים פּאַטעפאָן. יאָרן האָט ער געהאַרעוועט, ניט געהאַט קיין צייט צו מאַכן אַ חשבון הנפש. האָט ער עס געטאָן די לעצטע צייט, אונטערן שלל קלאַנ־גען, וואָס גרויסע מייסטערס האָבן פאַרקריצט אין די פּלאַטן. דער באַנקיר איז נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל אַדורכגעגאַנגען זיין גאַנץ לעבן און ניט

געוווסט ווו זיך אָפּצושטעלן, כּדי צו קענען זאָגן — אָט דאָ האָב איך גע־דאַרפט בלייבן. ווען אין באַנק איז אַלץ געגאַנגען כּשורה, האָט אים די מחשבה ניט אַזוי געמאַטערט; אָבער איצט, ווען אַלץ האַלט זיך ביים צע־פאַלן, האָט זיך בונימאָוויטש דערמאָנט, אַז ער האָט דאָך אַ מאָל געחלומט צו זיין אַ מוזיקער, אַ פידלער.

ער זיצט אין זיין פאַרטונקלטן קאַבינעט און באַוווּנדערט דעם ריינעם געוועב פון די קלאַנגען. אין באַנק האָט זיך אַלץ פאַרפּלאָנטערט. פּיפּיקע ליִיט האָבן אים אונטערגעפירט. ער ווייס אַליין ניט, ווי ער וועט אַרויס פון דעם אַלעם, אָבער אַרויסגיין מוז ער. דערווייל זיצט ער, דער באַנקיר, און זוכט טרייסט אין אַ סימפאָניע, וואָס רעדט וועגן פרייד אינעם באַשאַף. נאָר אַנשטאָט פרייד ברענגט אים די מוזיק דורכזיכטיקן טרויער. ער זעט דורך אים קלאָר זיין גורל.

בונימאָוויטש הייבט זיך פּלוצעם אויף פונעם פאָטעל, פאַרמאַכט דעם פּאַטעפאָן און לאָזט זיך מיט האַרבע טריט צו זיין שרייבטיש. דאָרט עפנט ער אַלע שופלאָדן און נעמט זיך אויסזדרן פאַרשידענע פּאַפּירן. דערנאָך שרייבט ער צו עמעצן אַ בריוו וועגן ענינים, וואָס ער האָט קיינמאָל מיט קיינעם ניט גערעדט.

*

זוסקע האָט גענומען זיין בידנעם קאַפּיטאַל און איבערגעפירט צו בוני־מאָוויטשן אין באַנק. ער איז געווען זיכער, אַז בונימאָוויטש האָט אים דאַן, אין קאַפע, אָפּגערעדט דערפון, מחמת האַנאָר. און אים האָט זיך געחלומט אַ חלומל, אַז ער וועט פון צייט צו צייט אַריינקומען אין דער באַנק, אַראָפּ־ציִען די געמזענע הענטשקע פון דער רעכטער האַנט, און אונטערטראָגן דעם קאַסיר זיין שפּאָרביכל. בונימאָוויטש וועט אים באַמערקן פון זיין קאַבי־נעט, וועט ער אים אַריינרופן, מען וועט זיך צוזאַמען אונטערהאַלטן, און אַלע אַרום וועלן זען, אַז ער, זוסקע, איז אַן אייגענער מענטש ביי בונימאָ־וויטשן. דאָס אַלץ איז אָבער געבליבן אַ חלום. ער האָט נאָך רעכט ניט באַ־וויזן זיך צוגעוווינען צו דער באַנק, איז זי שוין געווען פאַרהאַקט אויף זיבן שלעסער. זוסקע האָט עס ניט געוואָלט גלויבן. די גאַנצע זאַך האָט זיך ביי אים ניט געבונדן מיט אַזאַ פאַרנעמען יידן, ווי בונימאָוויטש; אָבער אין שטאָט איז געשטאַנען אַ מהומה. ווייבער האָבן געקלאַפּט מיט די

פּויסטן אין דער דעמבענער באַנק־טיר און געשאָלטן מיט טויטענע קללות. עטלעכע שטאַרקע האָבן צוגעזאָגט קאַשוקן, דער דירעקטאָר פון באַנק, אַז מען וועט אים אַרויסנעמען די קישקעס אָן אַ שלאָף־טרונק, אויב ער וועט ניט דערליידיקן זיי זאָלן צוריק באַקומען זייער געלט. איין זוסקע האָט ניט געקאָנט צוזען די גראָבקייטן, כאָטש ער איז אויך געווען אַ געליטענער. ער האָט ניט געטראָגן קיין האַרץ אויף בונימאָוויטשן. ווער נאָך אַזוי ווי ער, האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָס הייסט אַראָפּגיין פון די געשעפטן. אָט שטייט ער אויך אין אַ ליידיקער פאַבריקמאַכערסקע. ס׳קומט אַ הונט ניט אַריין; אָבער מען דאַרף האַלטן פאַסאָן, זיך ניט אונטערגעבן. דער בעסערער מענטש האָט תמיד שאַנסן צוריק אַרויפצושווימען. ווען בונימאָוויטש דערציילט אים דאָן, אין קאַפע, ווי ער האַלט, וואָלט אים זוסקע געמוטיקט. ער וואָלט אים געגעבן אַ משל אויף זיך אַליין.

זוסקען איז, אָבער, ניט באַשערט געווען מער צו ריידן מיט בונימאָ־וויטשן. אַ טאָג איז ער געשטאַנען אויפן שוועל פון דער פאַבריקמאַכערסקע, איז פאַרבייגעגאַנגען שיינדל מיטן טאָפּ באָבעס און אים איבערגעגעבן די נייס, אַז בונימאָוויטש האָט זיך גענומען ס׳לעבן. זי איז געווען נעבן דער באַנק, האָט זי עס געהערט פונעם עולם. בונימאָוויטש האָט געוואָלט פאַר זיינע קונדן ווי בעסער, אָבער ער האָט, נעבעך, קיין מזל ניט געהאַט. אויך אים האָבן עטלעכע גרויסע פירמעס אָנגעזעצט. אַלע ווילנער אָרעמע נדבנס זענען אים געווען אָנגעטרויט, האָט ער ניט געקאָנט איבערטראָגן די חרפּה.

נאָך בונימאָוויטשעס טויט איז זוסקע געזעסן אין דער היים. ער האָט אָפּגעוואַרט ביז שבעה, דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבן קומען צו שטראַלן. אויפן לאַץ פון זיין ראָק האָט זיך געשוואַרצט אַ סאַמעטן סטענגעלע. זוסקע האָט געטרויערט נאָך דעם באַנקיר ווי נאָך אַן אַלטן, גוטן פריינד.

*

דעם טאָג האָט זוסקע ניט געעפנט די פאַבריקמאַכערסקע. אין געסל האָט מען זיך געוווּנדערט. שכנים האָבן געפרעגט איינער דעם אַנדערן, אפשר איז ער קראַנק. שיינדל די באָבעסניצע האָט זיך שוין געהאַט אונטערגענו־מען אַרויפצוגיין צו זוסקען און אָנקלאַפּן אין טיר, האָט ער זיך באַוויזן אין קאַליטקע. זוסקע איז פאַרביי זיין געשעפט ווי אַ פרעמדער. מען האָט אים נאָכגעקוקט וואַהין ער גייט. זוסקע איז אַרויס אויף דייטשע גאַס. ער איז

צוגעקומען ביז בענדלס טיר און געבליבן דאָרט שטיין. ער האָט דאָרט נייטיק געדאַרפט אַריין, אָבער ס׳האַרץ האָט אים ניט געלאָזט. אַ גאַנצן פרימאָרגן האָט ער שטודירט פאַרן שפּיגל די פּאָזע, מיט וועלכער ער וועט אַריבערטרעטן בענדלס שוועל און בעטן, ער זאָל אים צוריק אָננעמען אויף דער אַרבעט. זוסקע איז געבליבן אָן אַ גראָשן, רייַן ביז ניט קאָנען באַצאָלן פאַר דער קאַווע ביי שטראַלן. ער האָט שוין געהאַלטן אין האַנט די קליאַמקע, האָט עס אים אָפּגעוואָרפן אויף צוריק. אָט גייט ער זיך שטעלן אַרבעטן ביי יענעם און פאַלט אַראָפּ אַ גראַד נידעריקער. האָט ער זיך אויסגעדרייט און אַוועק צוריק אַהיים.

*

אַוורעמקע דער אַנאַרכיסט איז געזעסן נעבן זיין קרעמל אין דורכהויף, דער פּלאַץ ווו ס׳איז געגאַנגען דער האַנדל מיט אַלטע זאַכן, און געוואַרט אויף קונים. דער דורכהויף איז כמעט געווען ליידיק. בלויז עטלעכע פויער־טעס האָבן זיך געבאָברעט אין אַ בערגל ווייבערשע מלבושים. אַוורעמקע האָט אויסגעצויגן די פיס פאַר זיך, אַראָפּגערוקט דאָס היטל איבער די אויגן, און זיך געגרייט כאַפּן אַ דרימל אונטער דער פאַר־פּסחדיקער זון. האָט ער מיט אַ ווינקל אויג באַמערקט זוסקען, ווי יענער היפּערט מיט אַ בגד אויפן רעכטן אָרעם איבער די קאַלוזשעס וואַסער פונעם לעצטן רעגן. זוסקע האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַוורעמקעס קרעמל, אַרויסגענומען אַ פּילצענע שמאַטקע פון דער הויזן־קעשענע, און זאָרגעוודיק אַרומגעווישט די קאַמאַשן. אַוורעמקע האָט אים פאַרטשעפּעט:

— רב זוסל, פּידל די קאַטקע, וואָס טוסטו אויפן דורכהויף?...

זוסקע האָט זיך צעשטאַמלט:

— איך... גאָרניט... כ׳האָב געוואָלט אַרויסגיין אויף יאַטקעווער גאַס, צו דער וועשעריי... אָט האָב איך דאָ...

אַוורעמקע האָט געעפנטביידע אויגן:

— וואָס האָסטו דאָ?...

— כ׳ווייס, כ׳האָב געוואָלט געבן קולביסן אויסוואַשן מיין באַנזשורקע... נאָר אפשר לוינט ניט... דאָ, די פּעטליע דריבלט זיך שוין אַ ביסל...

— ווילסט איר פאַרקויפן?...

— אויב מען קאָן...

אַווּרעמקע האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין צעפליקטן פּאָטעל מיט די אָרויסגעקראָכענע פּרוזשינעס, אַ נעם געטאָן פון זוסקען דעם בגד, און אים אויסגעצויגן אין זיין גאַנצן פּאַרנעם.

אַ שטילער זשאַסמין־ריח האָט זיך געטראָגן פונעם פּאַרפומירטן מאַרגן־ראָק. די פּערלמוטערנע קנעפּ האָבן געשפּילט קעגן דער זון. אַלע פּעטליעס, אויך די פרענדז פונעם גאַרטל — אַלץ איז געווען גאַנץ — אַ פאָדעם האָט ניט געפעלט. אַווּרעמקע האָט געצויגן אין זיך דעם גוטן ריח און באַוווּנדערט דעם בונטן שטאָף, וואָס האָט זיך אַזוי הייטערדיק געמיניעט קעגן לויטערן הימל. נאָך קרעמער זענען אונטערגעקומען זען אין וואָס אַווּרעמקע דער אַנאַרכיסט האָט זיך אַזוי פאַרקוקט. זיי זענען געבליבן שטיין פאַרבליפטע. אַזאַ בגד איז ניט געווען צו זען אויפן דורכהויף. עטלעכע מאָל האָט אַווּרעמקע געדרוט דעם מלבוש אין אַלע זייטן, געטאַפּט דעם זיידענעם אונטעדשלאַק. דערנאָך האָט ער זיך שטאַרק פאַרטראַכט. אַווּרעמקע איז געווען אויפן דורכהויף דער פּוסק אחרון, זענען אַלע קרעמער געשטאַנען אַרום אים און ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. לסוף האָט ער פאַרזיכטיק אויפגעלייגט די באַנזשורקע און איר אָפּגעגעבן צוריק זוסקען מיט אָט די ווערטער:

— זוסל, טראָג עס צוריק אַהיים. אַזאַ זאַך פאַרקויפט מען ניט, ס'איז ניט קיין באָוול.

זוסקע האָט שוין געהאַט געעפנט דאָס מויל אים צו ענטפערן, אָבער אַווּרעמקע האָט אים פאַרכאַפּט:

— רייד ניט, טו וואָס איך הייס... — דערביי האָט ער אַרויסגעצויגן אַ צענער־זלאָט פון וועסטל־קעשענע און עס פאַרשטופּט זוסקען אין האַנט אַריין:

— גיי געזונטערהייט. מ'עט זיך אויסרעכענען... איכל קומען זיך שערן...

זוסקע האָט זיך זייער צעטומלט. אַ רגע איז ער געשטאַנען מיטן צענער־זלאָט אין האַנט און ניט געוווּסט ווי צו האַנדלען ווייטער. גלייך, אָבער, האָט זיך צעברענט זיין האַנאַר. וואָס מיינט ער זיך עפּעס, אַווּרעמקע, ער איז זיינס גלייכן, וואָס ער גייט אים געבן הלוואות? ווי לאַנג איז עס געווען, אַז ער, זוסקע, איז אַריין אין בונימאָוויטשעס באַנק און...

זוסקע האָט געגעבן אַ לייג אַוועק דעם באַנקנאָט אויף אַווּרעמקעס פּאָטעל, און זיך געלאָזט צום טויער. אַווּרעמקע האָט געגעבן אַ קוק אויפן געלט, דערנאָך אויף זוסקעס אויסגעגלייכטן רוקן, און זיך צעשריען:

— ייִדן, מאַכט אַ וואַרע, גראַף שטשאַוויע גייט! ראַזירן אַורעמקען דעם אַנאַרכיסט. פּאַסט אים ניט. ער וויל בעסער פאַרהאַנדלען זיין יופּע. היי, גראַף שטשאַוויע! טאָמער האַלטסטו ביים פאַרקויפן די קאַרעטע מיט די אַכט פערד, ברענג זיי אויפן דורכהויף...

אַזוי האָט זיך צו זוסקען דעם פאַריקמאַכער אָנגעקלעפּט דער צונאָמען, וואָס איז יאָרן געלעגן אויף ווילנעס ליפּן. ער האָט ניט געקאָנט איבערטראָגן דעם חוזק און עוקר געווען פון גיטקע־טויבעס זאַווּליק.

און געווען איז עס אַזוי. אין אַ טריבן פרימאָרגן האָט שיינדל די באָבעס־ניצע געזען ווי זוסקע גייט הינטער אַ וועגל בעבעכעס, מיט דעם פּאַפּוגייס שטייג אין האַנט. ער האָט זיך אַרויסגעקליבן אין עק שטאָט, אויף שקאַפּלערנע, צווישן גויים. דאָרט ווייס קיינער ניט ווער און וואָס. זוסקע האָט געעפנט אַ פאַריקמאַכערסקע. ער אַרבעט אום שבת. ביי די קעלנערס אין שטראַלס קאַפע איז ער זייער אָנגענומען. זיי טיטולירן אים פּאַניע הראַביאַ. פונוואַנעט האָט זיך עס צו זיי גענומען, איז ניט באַוווּסט. אפשר דערפון, וואָס זוסקע האָט זיי געגעבן אַ מאָל אַ רמז, אַז ער שטאַמט פון אונגאַרן. אויך דאָס טרינק־געלט זיינס איז לויטן העכערן שטאַנד.

עס גייט וועגן אַדורך יידישע גאַס אַ שררה מיט גרויע וואָנצן, אָנגעטאָן ווי פון נאָדל אַרויס. עלטערע דורכהויף־סוחרים קוקן אים נאָך, ווי ער שפּריזט שווער, זיך אָנשפּאַרנדיק אויף זיין שטעקן, אַ באַצירטן מיט זילבערנע מאָנאָגראַמען. ווען יענער פאַרנעמט זיך צו גיטקע־טויבעס זאַווּליק, פרעגט איינער דעם אַנדערן — איז דאָס ניט אַמאָל זוסקע דער פאַריקמאַכער, אונדזער גראַף שטשאַוויע?...

ביז וואַנעט זיי באַשליסן צו רופן אַורעמקע דעם אַנאַרכיסט, ער זאָל אויך אַ קוק טאָן, פאַרשווינדט דער שררה ווי קיינמאָל ניט געווען.



האָט ער דערזען צוויי ברייט־אויפגעריסענע קינדערשע אויגן...

## מאירקע יאַפּאַן

עטלעכע גוטע ברידער זענען אַ מאָל אַריין צו איצקען דעם רעטשישניק, אויף יידישע גאַס, אויסצוטרינקען אַ גלעזל, האָט זיי איצקע געוואָלט צע־רייסן ווי די הערינג. ער האָט זיך פונאַנדערגעשריִען, אַז די פּרנסה לאָזט מען איבער ביי שטראָלן אין ביליאַרדאָווע, און דאָ קומט מען אָפּגעצוואָנגענע נעמען בראָנפן מיט רעטשישניק אויף באָרג.

ס'איז טאָקע אמת געווען. אָבער מען האָט עס ניט געטאָן אויף צו להכעיס. איצקע האָט געהאַט זיין קנייפּע אין אַ ברעג מויער, מיט איין שמאָלן פענצטער, ווי אַ פאַרצויגענער שגיט פון אַ מעסערשטאָך. מאירקע יאַפּאַן, פון די בעסטע ביליאַרד־שפּילערס אין ווילנע, האָט שוין ניט איין מאָל געהאַט דערקלערט איצקען, אַז אויף אַוועקשטעלן דאָ אַ רעכטן טיש, וואָלט מען געדאַרפט אויסהאַקן די וואַנט, וואָס גייט אַריין צו חנה־גיטקען פון די באָבעס. איצקע האָט שוין אַפילו געפּרוווט רעדן וועגן דעם מיט חנה־גיטקען, איר צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, ממש אַ שותפות. אָבער חנה־גיטקע האָט זיך ניט געלאָזט איינריידן. זי האָט געזאָגט, אַז דער טאַפּ באָבעס האָט איר געגעבן אַזוי לאַנג ברויט, וועט ער געבן ווייטער, און קיין צוויי טשאָלנטן עסט קיינער ניט. מאירקע האָט אויך געטענהט, אַז אין קנייפּע איז פינצטער, מען קען זיך אַרויסנעמען די אויגן. האָט אים איצקע איבער־געשריען, אַז מ'זאָל גוט אויסוואַשן די שויבן און אַרויסטרייבן אַלע גרינע פליגן, די טאַמבאַקעס, וועט ווערן ליכטיק. מאירקע האָט געזאָגט, אַז דאָס וואָלט אויך גוט געווען צו טאָן אין ביליאַרד, אָבער איצקע האָט אויפגעוויזן, אַז, מילא, צוליב פּרנסה וועגן איז ער אַלץ גרייט, אָבער, אַזוי, סתם, נעמען הרגענען פליגן ?...

איינמאָל איז מאירקע אַריינגעפאַלן אין קנייפּע אַ פאַרסאָפּעטער און געמאָלדן, אַז מער קען ער ניט קומען צו שטראָלן אין קאַפע. ער האָט אָפּגע־וווּנען ביי גראַף טישקעוויטשעס פלימעניק ביז אַ פאָדעם און יענער וויל אים דערפאַר קירצן די פיס. דעם אָוונט האָט מען געפּטרט ביי איצקען אַ

פּעסעלע ביר מיט עטלעכע בלעכן רעטשישניק, און מאירקע האָט זיך גענומען מעסטן אַ פּלאַץ ווו אַוועקצושטעלן אַ ביליאַרד־טיש.

איצקע איז גאָר לאַנג געלאָפן איבער שטאָט זוכן אַ טיש. דער מבין, מאירקע, האָט אַלץ בראַקירט — דאָ זענען די לעכער אויסגעריבן, דאָרט איז דער געוואַנט איינגעריסן. טאָמער איז שוין יאָ געווען צו באַקומען עפּעס אין גלייכן געלט, האָט מאירקע אין דער לעצטער רגע מבטל־געמאַכט די קניה. די באָרטן פון טיש זענען געווען ווייך, ווי בולבע־קאַשע. מאירקע האָט געטרייסט איצקען:

— האָב געדולד, ס'וועט זיך עפּעס מאַכן.

און ס'האָט זיך געמאַכט. די אַלטע אָגינסקיכע, פון די דאַטשעס אויף פּאָשפּיעשק, האָט פאַרקויפט איר לעצט ביסל אָרעמקייט. איסר פון די אַלטע זאַכן, אַליין אַ שפּילער, האָט גלייך איבערגעגעבן איצקען, אַז יענע האָט אַ ביליאַרד־טיש צו פאַרקויפן, אַ צאַצקע, ווי אָנגעמאָסטן פאַר אַ קנייפּע. האָט מען גלייך גענומען אַ דראָזשקע און אַוועקגעפאָרן קיין פּאָשפּיעשק. מאירקע האָט געגלעט דעם טיש פון אַלע זייטן און געפונען אויף אים אַ חסרון: דער געוואַנט איז צו געדיכט, ער'ט האַמעווען די באַלן. די אָגינסקיכע האָט עס דערהערט, איז זי געוואָרן אש להבה, און האָט אַ פרעג געטאָן:

— ווער איז עס דער מבין?

מאירקע האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַרויס. די אַלטע אָגינסקיכע האָט, ווי אַ הון, אַ גאָלעשייקע, געגעבן אַ צי אויס דעם דאַרן האַלדז. אין איין סעקונדע איז זי געוואָרן אַ קאָפּ העכער פון מאירקען, און ס'האָט אויסגעזען, אַז אָט באַלד פּיקט זי אים אויס אַן אויג מיט איר שפּיציקער נאָז. דערנאָך האָט זי זיך צעכיכיקעט ווי אַ סקעלעט בעתן קיצלען. אַלע האָבן זיך אָנגע־הויבן רוקן צו דער טיר. בלויז מאירקע האָט געהאַלטן פאַסאָן. די אָגינסקיכע האָט אויסגעשטעלט דריי באַלן אויפן טיש, געזאָגט מאירקען ער זאָל נעמען אַ שטעקן, אַליין אויך גענומען אַ שטעקן, און אויף שטום־לשון געגעבן אַ ווונק דעם פּאַרטנער: נאָ, צעקלאַפּ. מאירקע האָט אָנגעקרייטעוועט דעם שפּיץ שטעקן און פונאַנדערגעטריבן מיט אַ ממזרישן קלאַפּ די באַלן. די אָגינסקיכע האָט זיך צוגעבויגן צום טיש און פאַרשניטן אַזאַ קאַראַמבאָל, וואָס האָט מאירקען צעמישט די רעיונות אויף לאַנגע חדשים. דער רויטער באַל האָט זיך געגעבן אַ יאָג, ווי עפּעס אַ לעבעדיקע באַשעפעניש, נאָך די

אַנדערע צוויי ווייסע באַלן, און אַלע דריי האָבן זיך צעקושט אויפֿן סאַמע מיטן טיש.

דעם טיש האָט מען געקויפֿט, אָבער מאירקע האָט אויף אים ניט גע־שפּילט. זינט יענער פּאַרטיע מיט דער אָגינסקיכע איז ער געוואָרן מעלאַנ־כאָלנע. איצקע האָט געמעגט שווערן, אַז ער האָט אַליין געזען, ווי די אַלטע האָט פֿאַרלייגט אויף מאירקען אַ כּישוף. איסר האָט אין דעם ניט געגלויבט. ער האָט געהאַלטן, אַז די אָגינסקיכע האָט איינגעריבן דעם שטעקן מיט אַ ביסל קאַלך פֿון גאונס קלויז. ניט מער.

מאירקע האָט זיך אָנגעהויבן נוהג זיין אַריינצוגיין אין דער פֿרי אין ביליאַרדאָווע, אַ נעם טאָן דעם שטעקן, אָפּקלאַפּן אַ פּאָר קאַראַמבאָלן, און זיך אַוועקזעצן אַן אומצופֿרידענער ביי דער וואַנט. ס׳איז ניט געווען דאָס, די באַלן האָבן ניט געפֿאָלגט. מאירקע האָט זיך אויפֿגעגעסן. ערשט מיט אַ חודש צוריק האָט ער געקענט גיין אויפֿן גאַנצן זיכער מיט די גרעסטע שפּילערס, און איצט קאָן ער ניט מאַכן אַ נאַרישן קאַראַמבאָל. מ׳האָט באַ־שלאָסן זיך אַריינצוכאַפּן צו שטראַלן, אפשר אויף יענעם טיש, ווו ער איז מער איינגעאַרבעט, וועט ער קומען צוריק אין פֿאָרמע.

דערווייל זענען צוגעקומען נייע שפּילערס, אין ביליאַרדאָווע האָט זיך גערודלט. איצקעס ווייב האָט געבאַקן רעטשישניק, געקילט פּיסנאָגעס און די קנייפּע האָט געלעבט. ס׳האָבן אָנגעהויבן אַריינגיין אויך סאָלידערע מענטשן, ווי מלך דער חכם, יאַנקל אַנגלעניק, מיצקון. זיי האָבן דאָס טאָקע איינגעפֿירט ס׳זאָל זיין אַ שוואַרצער טאָוול אויף דער וואַנט, צו פֿאַרשרייבן די געווונענע אויגן. אויך אַ מאַרקיאָר, אַן אויפֿזעער איבערן טיש, האָבן זיי אַוועקגעשטעלט, ער זאָל אויפֿנעמען די באַלן און אַוועקטרייבן די קיביצערס. די שטעלע האָט מען געגעבן שמייקען די ציג, וואָס איז געבליבן אָן פּרנסה, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגעבריט די הענט בעתן לויפֿן מיט אַ הייסן סאַמאָוואַר פֿון פֿרעמדע טרעפּ.

ס׳איז אַוועק אַ גרויסע שפּיל. די געשרייען פֿון די קיביצערס האָבן זיך געהערט אויף גאַנץ יידישע גאַס. ס׳איז ניט געווען קיין שבת, ניט קיין יום־טוב. לייבע דער הינערניק איז אַמאָל אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצן שמחת־תורה מיטן ביליאַרד־שטעקן אין האַנט. דאָס ווייב האָט גאָר געמיינט, אַז ער איז אין קלויז. זי האָט געוואָלט אויסהאַקן ביי איצקען דעם פֿענצטער. גראָד איז דעמאָלט געגאַנגען אַ פּאַרטיע אויף טויט און אויף לעבן. לייבע

האָט געטליעט ווי אַ האַלעוועשקע. די קיביצערס האָבן זיך געשושקעט, אַז ער איז שוין באַלד נקי, אָן אַ פּיִם. אַפּשפּילן האָט ער זיך געוואָלט, ווי איינער וויל לעבן. מיט אַ מאָל האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין קנייפּע אַלע זיינע אַכט קינדער, מיט פּאָנעס אין די הענט, און זיך אָנגעהויבן דרייען אַרום טיש, מיט אַ מזמור: טאַטע, קום אַהיים... לייבע האָט געשאָטן פּעטש, אָבער ס׳האָט אים געהאָלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס. ער האָט געמוזט וואַרפן די שפּיל. און ווען?! דריי באַלן האָבן זיך געבעטן רחמים מען זאָל זיי פאַרקלאַפּן אין די לעכער. לייבע האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש זיין טלית־זעקל און פאַרשוואָרן אַלעמען מיט אַ גוט יאָר, ניט צו רירן די באַלן אויפן טיש. נאָך די הקפות איז ער צוריקגעקומען און זיך אָפּגעכאַפּט אַ ביסל ביי זיין פּאַרטנער מלך דער חכם, וואָס האָט פאַר כעס צעגריזשעט דעם שטעקן.

די גאַס איז געווען צעקאָכט, ס׳האָט געשמעקט מיט הפקרות. די וויבער ביי די קאָשיקעס האָבן גענומען בורטשען: ווי ווייט איז פון ביליאַרד ביז יענע מעשה?... ווו איז דאָס געהערט געוואָרן מאַנצבילן זאָלן גאָרניט טאָן, נאָר קלאַפּן אין די ביקלען, קלאַפּן זאָלן זיי קאָפּ אָן וואַנט...

*

דער ווינטערדיקער אָוונט לעשט די פייערטעפּ און באַגראָבט די פּאָר איבערגעבליבענע קוילן אונטערן גרויען אַש. פון מידקייט הייבט זיך ביי קיינעם ניט דאָס מויל פונאַנדערצובלאָזן דעם זשאַר. מ׳וועט שוין ווי עס איז דערציִען. אין גאַנצן זענען איבערגעבליבן אַ צען מאָנעלעך, עטלעכע וויאַז־קעס האָלץ, אַ פּערטל עמער באָבעס.

ייִדישע גאַס האָט געענדיקט איר טאָג. זי ליגט אין דער פינצטער אויפן צעהויקערטן געלעגער. די גאַס קרעכצט דורכן שלאָף. ניט קיין וווּנ־דער. דער דורכהויף, ר׳ לייזערס הויף, אַלע שמאָלע דורכגענג צו יאַטקעווער גאַס, קוועטשן איר די זייטן. קוים מיט צרות זיך איינגעדרייט, איינגענורעט אונטערן ביסל צעטראָטענעם שניי, גיט זי זיך אַ ריס, ניט טויט, ניט לעבע־דיק. עפּעס אַ קאַליקע האָט, ניט ווי־לנדיק, געמאַכט צוויי באַלן מיט איין קלאַפּ און דער עולם האָט אים גענומען אויף אַ הוראַ.

*

מאירקע איז געקומען פון שטראַלן אַ צעהרגעטער, אָבער צופרידן ביז גאָר. ער האָט דאָרט מצליח געווען מיטן קאַראַמבאָל. שטראַלס מאַרקיאָר,

יאַן די באַסאַווידלע, האָט אים אונטערגעזאָגט צו שניידן מיטן אייגענעם באַל דיך, גאָר דיק, ווי אַ פּענעצל וורשט. פון אַזאַ קלאַפּ, האָט יאַן מסביר־געווען, צעבוצקען זיך אַלע באַלן אויפן טיש. די אַגינסקיכע ווייס אַט דעם פּאַרטל. דעריבער האָט זיך געמאַכט פון מאירקען אַ קאַלאַש. יאַן האָט זיך אויף זיין לעבן אָנגעזען אַזוי פיל שפּילן, אַז ער האָט געמעגט גילטן ווי אַ דאָקטאָר פון ביליאַרד. אין אַלע האַרבע שאלות איז ער געווען אַ פּוסק אחרון. יאַן אַליין האָט אין זיינע גוטע יאָרן פאַרשפּילט אַ מאַיאָנטעק ביי שטראַלן. דער אַלטער שטראַל האָט זיך מרחם־געווען און אים איבערגעלאָזט די חזקה אויף אַ מאַרקיאָר. איסר געדענקט נאָך, ווי ער האָט געבראַכט פאַר יאַנען פון דורכהויף אַ פּאָר געפּאָסקעוועטע הויזן מיט אַ ראָק, כדי יענער זאָל האָבן אין וואָס אַרומצוגיין ביי דער אַרבעט. צו שטראַלן זענען געקומען די גרעסטע לייט פון שטאָט און אַנדערש האָט דאָרט אַ מאַרקיאָר ניט געקאָנט באַדינען. יאַן האָט מקרב געווען מאירקען. ער האָט געפילט אין אים דעם אמתן שפּי־לער. און מאירקע איז דאָך טאַקע געוועזן אַ שפּילער. זיין צילעוועןן, זיין אַוועקלייגן די לינקע האַנט אויפן ביליאַרד מיט צעשפּרייטע פינגער, ווי אַ הינערשע פיסל, זיין אַרויפבויגן דעם גראָבן פינגער, ד'ער שטעקן זאָל פאָרן פריי הין און הער — יעדער גליד אין אים האָט גערעדט מיטן באַל, זיך געבעטן: גיי ווו איך הייס דיר... יאַן האָט עס אַלץ געזען, שטייענדיק אין אַ ווינקל ביליאַרדאַווע, און דאָס האַרץ איז געוואַקסן אין אים. איי, האָט דער אַלטער ליב געהאַט די שפּיל. ער האָט נאָך היינט געקאָנט פאַרקויפן דעם טאַטן מיט דער מאַמען פאַר אַ שיינער פּאַרטיע.

ווען יאַן האָט דערזען מאירקען, איז אים געוואָרן אי פריילעך, אי אומעטיק. זינט דער מעשה מיט טישקעוויטשעס פלימעניק איז מאירקע געווען אין חרם. נאָר שפּילערס בלייבן שפּילערס.ביידע האָבן זיך אַזוי אַריינגעצויגן אין איבערגיין די סדרה פון אַגינסקיכעס קאַראַמבאַל, אַז זיי האָבן גאָרניט באַמערקט ווי דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן זאַמלען צום שפּיל. די גויים, פון טישקעוויטשעס קאָמפּאַניע, האָבן דערקענט מאירקען און אים צעממיתט ווי גרויס ער איז.

*

מאירקע איז זייער שטאַרק געוואָרן ביי זיך. זינט ער האָט זיך אויסגע־היילט פון די קלעפּ ביי שטראַלן, איז ער געוואָרן אַ פאַרביסענע יוכע. מ'האָט

זיך ניט געקענט מיט אים אויפריידן. פון אַלעמען האָט ער געמאַכט פּענדזע. ער האָט בכיוון אונטערגעשטעלט די פּאַרטנערן באַלן נעבן סאַמע לאָך און אַליין זיי דערקלאַפּט מיט משוגענע באַשטעלונגען, דורכן באָרט, פון האַנט, מיט אַ דובלעט, ווי די גדולה האָט אים אונטערגעזאָגט. ס'איז געקומען דערצו, אַז ער האָט געמוזט פאַרלירן די ערשטע פּאָר פּאַרטיעס, כדי דער פּאַרטנער זאָל זיך אַריינציען אין דער שפּיל און ניט וואַרפן דעם שטעקן אין מיטן. די קיביצערס האָבן געהירזשעט אין די פויסטן, זיך געוועט איינס קעגן דריי לטובת מאירקען, און געוווּנען שטיקער געלט. ס'איז שוין גאָר־ניט געווען קיין ביליאַרדאָווע, נאָר עפּעס אַ מין בירזשע, ווי אויף רודניצקער גאַס. פון אין דערפרי האָט מען געפּלאַנעוועט ביים טיש, קאָמבינירט פּאַרטיעס. מען האָט זיך געוועט אויף געלט, אויפן מלבוש, פאַרמשכונט איינער ביים אַנדערן די זייגערס. מאירקע אַליין איז געזעסן ביי אַ טישל, געטרונקען קהלשן בראַנפן און מזכה געווען עטלעכע קיביצערס, גרינע, מיט אַ פּאָר ווערטער: — פּלעכט פון יהודה, קאַפּיפּערס! טאָמער זע איך נאָך אַ מאָל ווי איר צעשפּוזשעט מיר דעם פּאַרטנער, יענער זאָל אַנטלויפן אין מיטן שפּיל, לאָז איך אייך יעדערן איבער איין צאָן פון פאָרנט, ער זאָל זיך וויגן אין מויל ווי אַ פּאָמפּעדיקל...

*

מלך דער חכם איז געקומען מיט אַ נייס. ביים סערזשאַנט אין ביליאַרדאָווע, אויף סטעפּן־גאַס, איז פאַראַן אַ שפּילער, דער חסיד הייסט ער, קאָן ער סמיאַלע זיך שטעלן מיט מאירקע יאַפּאָן. מאירקע האָט מיט זיין אויפפירונג זיך געהאַט אָנגעהאָדעוועט אַ סך שונאים. און אַלע האָבן אים געוואָלט אָנדרייען אַן אויער. שוין צו פיל איז ער אַריין אין די פּעדערן.

מלך דער חכם האָט זיך אונטערגענומען אויפצודרייען צווישן חסיד און מאירקען אַ שפּיל אויף הויכע געלטער. מ'וועט שטעלן קעגן מאירקען און אָפּכאַפּן צוריק דעם היזק. איסר האָט צוגעזאָגט צו פינאַנסירן די שפּיל און דעלעגירט מלכן אויף אַ שמועס מיטן חסיד.

מלך איז צוריקגעקומען פון סטעפּן־גאַס אַן אָפּגעשמיסענער. דער חסיד וויל גאָרניט הערן פון גיין צו איצקען אין ביליאַרדאָווע. זאָל זיין, אַז ער האָט מורא פאַר מאירקען? דאָס האָט זיך ניט געלייגט אויפן שכל, ווייל, בדרך

כלל, זוכן שפּילערס איינער דעם אַנדערן צו פּרוּוון די כוחות. און דער חסיד איז געווען אַ שפּילער. מען האָט עס געקאָנט זען אין זיין שטיין ביים טיש. ער האָט טאַקע ניט געטאַנצט באַלעט ווי מאירקע, ניט גערעדט מיט די באַלן, נאָר זיין מיושבדיק אויפֿטרייבן די טשערעדע ביקלען און פירן זיי פּאָרזיכטיק צום לאָך, ווי אַ געטרייער פּאַסטעך פירט די יונגע שאָף צום קוואַל — האָט יעדן געגעבן אויג געוויזן, אַז אָט דער אויסגעדאַרטער פּאַר־שוין מיטן הויכן, לומדישן שטערן האָט זיך געטובלט אין דער שפּיל. מלך דער חכם האָט אַזוי לאַנג געבוועט, ביז וואַנעט ער האָט זיך דערוווּסט די אמתע סיבה פּאַר וואָס דער חסיד וויל ניט שפּילן מיט מאירקען.

דער חסיד האָט זיך נוהג געווען יעדן אין דער פרי זאָגן אַ גוטן טאָג זיין ווייב, און גיין צו דער אַרבעט. נאָר אַנשטאָט צו דערגיין ביז צו דער קאַווקאַזער מיל, ווו ער האָט געדאַרפט פירן אַ שטיקל בוכהאַלטעריע, פלעגט ער אויפֿן וועג אָפּטרעטן צום סערזשאַנט אין ביליאַרדאַווע, און שוין דאָרט בלייבן ביז מעריב. ניט דאָס ווייב, ניט די קינדער, האָבן געוווּסט, אַז דעם ברויטגעבער האָט מען שוין לאַנג משלח געווען פון דער מיל פּאַר ניט קומען צו דער אַרבעט, און אַז ער ציט חיונה פון ביליאַרד. און אַזוי ווי ער האָט געהאַט טייערע קינדער, באַרליאַנטן, איינעם גאָר אַ געראָטענעם, אַן אָפּענעם קאָפּ, האָט ער זיי ניט געוואָלט מבייש זיין, און געשטילט זיין שכרות צום ביליאַרד ביים סערזשאַנט אויף סטעפּן־גאַס, ווו ס׳זענען געקומען, דער עיקרשט גויים און יידן פון ניט־הי. ביי איצקען, אָבער, האָט זיך דורכגעדרייט גאַנץ ווילנע, אי צוליב שפּיל, אי צוליבן צובייס. דעם חסיד האָט דווקא יאָ געצויגן אַהין, אָבער די מחשבה, אַז דאָס קען, חלילה, אַנרירן זיין שטוב, האָט גובר געווען דעם יצר־הרע. מלך האָט געפּרוּווט אָנציען מאירקען, אפשר וועט ער גיין צום סערזשאַנט אויף אַ גרויסער שפּיל, אָבער מאירקע האָט זיך ניט געלאָזט. ער האָט געזאָגט, אַז דאָרט שטייט אַ טיש אויף וועל־גערן מצה, ניט אויף שפּילן ביליאַרד.

אָפּגעמשפּט דעם סערזשאַנטס כּודאָבע, האָט מאירקע זיך אַוועקגע־זעצט, פּאַרוואָרפן אַ פוס אויף אַ פוס, און מיטן שטעקן אין האַנט, ווי אַ העטמאַן מיט דער בולאַווע, געוואַרט אויף נייע פּאַרטנערן.

*

דערווייל האָט זיך אונטערגעדרייט ערב פּסח און ביים סערזשאַנט איז

געווען לײדיק, ווי אַלע יאָר אין דער צייט. דער חסיד איז געבליבן הינטער־שטעליק אין חיונה. אין דער היים האָט ער דערציילט, אַז די מיל האָט זיך פאַרהאַקט און מען צאָלט ניט קיין שכירות. דאָס ווייב האָט געטאָרעט ער זאָל בעטן דערוויל אויפן חשבון, כאָטש צו באַצאָלן שכר־לימוד פאַרן עלטערן יינגל. פּומפּיאַן, דער פאַרוואַלטער פון רעאַל־גימנאַזיע, האָט שוין געשיקט אַ צווייטן בריוול. מיטן פסח וועט מען זען דערנאָך.

דער חסיד איז געזעסן אין ביליאַרדאָווע און געבעטן גאָט אויף אַ געל־טיקן יאָלד. דעם זונס שכר־לימוד האָט אים אַראָפּגענומען דעם קאָפּ. אין אַזאַ מאָמענט האָט מלך דער חכם אונטערגעכאַפּט דעם חסיד. מלך האָט אויפגעוויזן מיט אותות און מופתים, אַז ווען מ׳זאָל שפּילן מיט מאירקען אַ פאַרמאַכטע פּאַרטיע און אים ניט אונטערשטעלן קיין פּאָזיציעס, קען מען אים לאָזן אָן בלעך. מאירקע האָט איצט געלט, און ס׳איז אַ מיצווה צו מאַכן פון אים טורליקעס. דער חסיד איז ניט געווען אַזוי התלהבותדיק ווי מלך. ער האָט געהערט, אַז מאירקע איז גאָרניט קיין מפּיל־קינד; אָבער אַז מלך האָט אים געגעבן האַנטגעלט אויף דער שפּיל, האָט ער, דער חסיד, בלית־ברירה מסכים געווען זיך צו טרעפן מיט מאירקען. מלך איז אַוועקגעלאָפן צו איצקען אין דער ביליאַרדאָווע אָנזאָגן די גוטע בשורה. דער חסיד האָט אָפּגעוואַרט ביזן סוף אַרבעטסטאָג, און איז אַוועק אַהיים אָפּגעבן זיין ווייב דעם אַדערויף, אויף וועלכן זי האָט אַזוי אויסגעקוקט.

*

דער איינציקער בוים אויף יידישע גאַס, הינטער וועלפקעס רעסטאָראַן, האָט אַריבערגעקוקט איבערן פּאַרקאַן מיט אַ האַלב־נאַקעטער צווייג. ער האָט געוואָלט וויסן צי ס׳איז שוין פרילינג, און צי מען קען שוין אַרויסלאָזן די פּאָר בלעטלעך אויף דער פריי. מען האָט שוין געקענט. אַ סימן — די תהילים־זאָגערס זענען געזעסן מיט פאַרזשמורעטע אויגן אויף די טרעפּלעך פון דער קברנישער שול, און חייקל לונסקי, דער ביבליאָטעקאַר פון סטראַ־שונס ביבליאָטעק, איז געגאַנגען איבערן גאַס מיט אַ צעשפּיליעטן מאַנטל. ווינטער האָט חייקל דורכגעאיילט די גאַס מיט פאַררוקטע האַנטפלאַכן אין די אַרבל פונעם שיטערן אייבער־בגד. היינט האָט ער בנעימותדיק געשפּאַנט צו דער ביבליאָטעק, וואָס קעגנאיבער דער ביליאַרדאָווע, און אַ צעשמיי־כלטער זיך אונטערגעגעבן אַ ווינטל, אַ שגץ, ערגעץ פון די שישקינער בערג,

יענער זאָל אים צעפּאַכען די באָרד. חייקל האָט געכאַפּט אַ בליק אין דער ביליאַרדאָווע. דער ביבליאָטעקאַר האָט זיך געחידושט ווי מענטשן פאַר־שפּילן דאָס זייער צייט. וואָס קען דען זיין בעסער ווי זיצן היינט מיט אַ גוטן ספר אין בערנאַרדינער גאָרטן? ער קאָן זיך אַזאַ זאַך פאַרגינען אפשר שבת, אָבער זיי זענען דאָך פרייע פייגל. חייקל קרייצט איבער די גאַס און באַ־דויערט די ביליאַרדאָווניקעס, ווי יענע, דאָרט, ווייסן ניט ווי צו לעבן אויף דער וועלט. אוצרות ליגן אין קעלער פון דער ביבליאָטעק, זעלטענע כתב־ידן, ווען ער האָט עס צייט אַלץ דורכצובלעטערן, ווער וואָלט געווען גלייך צו אים? אַ מרה־שחורה באַפאַלט חייקלען. יאָרן לויפן און דער חיבור וועגן אַלט־ווילנע איז נאָך אַלץ ניט פאַרענדיקט... חייקל דערזעט דעם חסידס יינגל, מיט אַ שולטעקע אין דער האַנט, שטיין ביים אַריינגאַנג צו דער ביבליאָטעק. דער קהלשער זייגער, איבער דער מאַלאַרסקער קלויז, ווייזט פיר. ער דערקענט דעם יינגל. תמיד קומט ער דער ערשטער. אַ מאָדנער קינד. נעכטן האָט ער געזוכט אַ פאַרגעסענעם מאמר וועגן שלום־עליכם. ער האָט דערציילט, אַז דער לערער גערשטיין, פון רעאַל־גימנאַזיע, האָט פאַרגעבן דעם קלאַס אַ גרויסע אַרבעט. חייקל עפנט די טיר פונעם לייען־צימער און די מרה־שחורה פאַרשווינדט, ווי קיין מאָל ניט געווען. מילא, קען ער זיך ניט מתבודד זיין אינעם ביבליאָטעק־קעלער. אפשר האָט גאָר די השגחה עליונה אים באַשטימט אויף אויסהאָדעווען עמעצן צו אָט דער עבודה?

חייקל טוט אויס דעם מאַנטל, גלעט צו די באָרד, און נעמט זיך אויס־פרעגן בלחש דעם תלמיד, וואָס יענעם פעלט נאָך צו קענען אָנשרייבן די גרויסע אַרבעט וועגן שלום־עליכם.

*

די ביליאַרדאָווע האָט געטרעשטשעט אין די נעט. מאירקע יאַפּאַן האָט ניט אויסגענומען ביים חסיד. ער האָט פאַרשפּילט איין פּאַרטיע נאָך דער אַנדערער. דער חסיד האָט געלאַסן, באַלעבאַטיש, געמאַכט אַ באַל נאָך אַ באַל. מאירקע האָט נאָר געוואָלט זיך אויספּיינען פאַרן עולם, געבן קאָנצערט, אָבער קיין ממשות איז דערפון ניט אַרויסגעקומען. ער האָט זיך געדרייט אין דרייען. ער וואָלט שוין מוחל געווען דאָס געלט, אָבער די שאַנד... ווער ס'האָט נאָר געשטוקעוועט זיין אויסקומעניש מיטן ביליאַרד, איז געקומען

זען די שפּיל. פון די גרעסטע מבינים ביז די סאַמע באָרוועסע, וואָס זענען געקומען אויפן ביליאַרד בלויז זיך אָנצווואַרעמען. די ערשטע פּאָר פּאַרטיעס איז מען געזעסן מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס, אָבער וואָס ווייטער, אַלץ מער האָט מען אָנגעהויבן בורטשען. ביז איסר האָט אויסגערופן: קינדער אַלע לעכער זענען פּאָר אים פאַרמאַכט, און דעם וויטריך האָט ער פאַרלאָרן... נאָך איסרן, איז ווער ס׳האָט נאָר געהאַט אַ האַנט מיט אַ פּוס, געוואָרן אַ חכם אויף מאירקען: ער קלאַפּט וואַנקען, ער זעט קאַטשקעלעך... און אַוורעמקע דער אַנאַרכיסט, וואָס האָט פאַרשפּילט, הלוואי אַ צענערל, האָט אַ סטראַשע געטאָן מאירקען:

— ס׳ט געטרונקען אונדזער בלוט! מירן דיר איינריכטן אין סאַזשע!...

מער האָט מאירקע ניט אויסגעהאַלטן. ער האָט געגעבן אַ בראָך איבער דעם שטעקן אויף דער רעכטער קני און אַ רעווע געטאָן צו איצקען דעם רעטשישניק:

— געבערדלטער שלייען! באַרויק די ביליאַרדאָווע, אַניט שטעל איך באַלד איבער די גאַנצע מעבל!...

איצקע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן בעטן רחמים ס׳זאָל זיין שטיל.

מלך דער חכם איז געשטאַנען די גאַנצע צייט נעבן קאַלטן אויוון און געמאַכט חשבונות פונעם פּדיון. איסר האָט אויפגענומען דאָס געווונענע געלט און עס געטראָגן צום שותף אין ביידע הענט, כדי ס׳זאָל נישט זיין קיין איבעררייד, אַז אַ פּאַפּירל האָט פאַרבלאָנדזשעט אויפן וועג. דער חסיד, ווי אַ זייטיקער צום גאַנצן האַרמידער, האָט געוואַרט מאירקע זאָל אויסקלייבן אַ נייעם שטעקן און זיך ווידער שטעלן צום טיש.

אין מאירקען האָט געזאָטן. ער האָט זיך ניט געקאָנט קיין עצה געבן מיטן חסיד. יענער האָט בעסער געשפּילט. אַפילו יאַן באַסאַווידלע האָט גע־קענט גיין צו אים אויף טערמין. דער חסיד האָט געוויזן אַזעלכע שטיקלעך, אַז די ביליאַרדאָווע האָט געטשמאָקעט מיט די ליפּן. און אַלץ מיט קאָפּ, אויסגערעכנט ביז אַן אונץ.

מאירקע האָט געזען ווי דער עולם וואַרט אויף זיין מפּלה, ווייל אים באַגראָבן לעבעדיקערהייט. דאָס האָט נאָך מער צעקאָכט אין אים די גאווה. ערשט נעכטן האָבן די זעלבע שילויעס ניט געוווּסט ווו אים צו זעצן, אונ־טערגעטראָגן אים דעם ערשטן דאָס גלעזל. איצט שטשירען זיי מיט די ציין און זוכן אים צו פאַרהויטשען. מאירקע האָט פאַרשטאַנען, אַז ער מוז איין

מאָל אָפּריזיקירן אויף גרויס, אַניט וועט אים דער חסיד פונאַנדערנעמען אויף ביינדעלעך, ווי אַ קאָפּ פיש. ער האָט געטאַפּט דורכן רעקל זיין פלאַכן טייסטער — וועט אים קלעקן אויף נאָך אַ פּאַרטיע ?...

שמייקע די ציג איז שוין דעמאָלט ניט געווען קיין מאַרקיאָר. גלייך ווי ס׳האָבן זיך ביי אים פאַרצויגן די הענט, האָט ער זיך געשטעלט אויפן האָלצמאַרק מיט דריי פינגערהוטן און אַן אַרבעסל, נעמען אויף זיכער די פויערים, זיי זאָלן טרעפן אונטער וועלכן פינגערהוט עס ליגט דאָס אַרבעסל. ער האָט זייער שיין פאַרדינט און פלעגט קומען אין ביליאַרדאָווע בלויז פון קאָמפּאַניע וועגן. אויך איצט איז ער געשטאַנען צווישן אַ כאָפּטע ייִדן וואָס זענען אָנגעקומען פון גאָס זען דעם בייזוווּנדער, ווי דער חסיד צעטראָגט מאירקען דעם יאַפּאָן. מחמת דער חשיבות פונעם פאַרמעסט האָט דעם אָוונט מאַרקיאָרעוועט יאַנקל אַנגלעניק. ער האָט אויסגעשטעלט די באַלן. מאירקע איז ניט צו צום טיש. ער האָט אַ ווונק געטאָן צו שמייקען און ביידע האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ שטילן ווינקל אויף אַ פּאָר ווערטער. פון שמייקעס שאָקלען מיטן קאָפּ אויף ניין האָט די גאַנצע ביליאַרדאָווע פאַרשטאַנען, אַז מאירקע בעט אַ הלוואה אָנצוהאַלטן די שפּיל. אייגענע מענטשן זענען געווען זיכער, אַז שמייקע וועט, סוף־כל־סוף, געבן דאָס געלט, ווייל ערשטנס איז ער געווען אַ גוטער בוידזועלע, און צווייטנס, האָט אים מאירקע צוגעטוליעט מיט אַ פּאָר גילדן בעתן דינען ביי איצקען. אַזוי איז טאַקע געווען. שמייקע האָט געקרעכצט און געגעבן. מאירקע איז צוגעקומען צום טיש נאָך פאַר־ביסענער ווי פריער. אַ פאַרפלאָמטער, מיט אַ הייזעריקער שטים, האָט ער אויסגערופן:

— עס גייט די לעצטע פּאַרטיע, אויפן גאַנצן געלט... און ווי גאָט וועט געבן...

מאירקע האָט נאָר געוואַרט דער חסיד זאָל זאָגן אַ וואָרט אַנטקעגן, אָבער דער חסיד האָט גאָרנישט ניט געזאָגט. ער האָט רויִק געקרייטעוועט דעם שטעקן און זיך מכין געווען פונאַנדערצוקלאַפּן די באַלן. יאַנקל אַנגלעניק האָט איבערגעציילט מאירקעס פאַרמעגן. און געהייסן מלך דעם חכם איינלייגן דאָס גלייכע.

די ביליאַרדאָווע איז געוואָרן אַנטשטומט. מאירקעס גורל האָט זיך גע־קייקלט איבערן טיש. זיין בכורה אויפן ביליאַרדאָווע איז געשטאַנען אין קאָן. ער האָט פאַרשטשעמעט דעם שטעקן אין דער רעכטער האַנט און גע־

שמיסן די באַלן, ווי אַ דרעסירער שמייסט די ווידערשפּעניקע חיות. ער האָט געשפּילט מיט רוגזה, כאילו די ביינערנע ביקלעך זאָלן ניט האָבן געווען אַזוי פיל יאָרן זיינע ליבסטע פריינד, נאָר סאַמע דם־שונאים.

דער חסיד האָט געהאַט אַ שווערע לייעניש. מאַירקע האָט זיך איינגע־ביסן אין טיש. ער האָט אויסגעגלייכט די פּאַרטיע און דער נצחון איז גע־בליבן שטיין אויף איין באַל. דעם לעצטן. דער חסיד האָט אָנגעהויבן זוכן אַ פּאָזיציע. עטלעכע מאָל האָט ער אַרומגעקרייזט דעם טיש און זיך ניט גע־קענט דעצידירן, וועלכן באַל צו נעמען אין דער אַרבעט. די צוקוקערס זענען געבליבן פאַרשטאַרט. ענדלעך האָט דער חסיד עפּעס געפונען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ ברעג טיש, קעגנאיבער דער טיר, און פּאַוואָליע זיך צוגעבויגן מיטן שטעקן צום באָרט. און אַזוי, נעמענדיק אויפן שוואַרצאַפּל דעם אָנגעמערקטן באַל, האָט ער דערזען אינעם געזעמל מענטשן, צווישן זייערע אַקסלען, צוויי ברייט־אויפגעריסענע קינדערישע אויגן. דער חסיד האָט פאַראַנקערט זיין בליק אויף אָט די אויגן און אויף בלינד אויסגעשאָסן אין באַל.

ער האָט אפילו ניט געזען, ווי דער באַל איז זייטיק אָפּגעשפּרונגען פון באָרט און אַ פאַרהלשטער געבליבן שטיין הארט פאַרן לאָך. מאַירקע האָט זיך פאַרקרימט. ס'איז ניט געווען קיין קלאַפּ פון אַ שפּילער. דער באַל האָט אים אויסגעזען ווי אַ פּגירה אויפן ראַנד פון דער מיסטגרוב. ניט צו מאָל זיך גוט אָנצוצילעווען האָט ער אים אַריינגעבריקעט מיטן שפּיץ שטעקן אין לאָך אַריין. יאַנקל אַנגלעניק האָט פאַרשמירט דעם טאָוול און צוגעטראָגן מאַירקען דאָס געלט.

אַלע זענען געבליבן געפּלעפּט. מלך דעם חכם האָט אָפּגענומען ס'לשון. אוורעמקע דער אַנאַרכיסט האָט געמאַכט אַ געוואַלד:

— ייִדן, מען האָט אונדז פאַרקויפט!

די גאַנצע ביליאַרדאָווע האָט זיך אַ לאָז געטאָן דורסן דעם חסיד.

מיט אַמאָל איז אַ ייִנגל אויסגעוואַקסן אינעם געזעמל און זיך צעשריִען מיט אַ געוויין:

— אַוועק פון מיין טאַטן! אַוועק!...

דער חסיד האָט אויסגעצויגן אַ האַנט צום ייִנגל, געוואָלט אים עפּעס זאָגן, נאָר יענער האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין שולטעקע און אַ צעהעשעטער אַרויסגעלאָפן פון קנייפּע. מאַירקע האָט פאַרשטאַנען וועמען ער האָט צו

פאַרדאַנקען זיין ביליקן נצחון. דוכט זיך, ער האָט געדאַרפט זיין צופרידן — דאָס געלט צוריקגעוווּנען, איינגעהאַלטן דעם נאָמען, און דאָך איז אים געווען פאַרזאַלצן דאָס האַרץ. ניט אַזוי האָט ער געוואָלט געווינען.

דער טומל איז געווען גרויס. איצקע דער רעטשיסניק האָט זיך קוים איינגעבעטן ביי די געסט מען זאָל גיין מיט קאָפּ אין דר'ערד אַריין. אין ביליאַרדאָווע איז געבליבן בלויז מאירקע מיטן חסיד.

דער חסיד איז געזעסן ווי אַן אָבל. מאירקע האָט זיך צוגעזעצט צו אים און זייטיק, ווי צו דער וואַנט אַ פרעג געטאָן:

— וויפל האָט איך געקאָסט די שפּיל?...

דער חסיד האָט ניט געענטפערט.

— נו, זאָגט, איכל אייך אומקערן, איך ווייס, אַז איר שפּילט בעסער. דער קיקס ביי אייך איז דאָך אַרויס צוליבן יינגל...

דער חסיד האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. צוויי זודיקע טרערן האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט איבער זיין איינגעפאַלן פּנים.

מאירקע האָט אַוועקגעקוקט.

— מאיר, איך האָב נאָר איין בקשה. קומט מאָרגן צו מיר אַהיים, זאָגט מיין קינד, אַז מיר זענען אַלטע חברים, נאָך פון דער ישיבה. זאָגט אים, אַז מיר האָבן געשפּילט בלויז אַזוי, אויף קנעפּלעך...

און מאירקע האָט געבורטשעט דורכן פאַרדריקטן גאָרגל:

— איכל קומען... איכל אים שוין ווי עס איז פאַרפּאַנטעווען. אָבער נעמט ביי מיר העלפט געלט, נו, נעמט, זייט ניט קיין פרייער... ס'וועט מיר אַלץ איינס ניט וואַרעמען...

— ס'איז ניט וועגן געלט, איך האָב ניט געשפּילט אויף מיינע.

מאירקע האָט אַריינגעשטופּט דאָס ביסל פּאַפּיר דעם חסיד אין קעשענע:

— נעמט, אַ דאגה האָט איר...

פאַרן פאַרלאָזן די ביליאַרדאָווע האָט מאירקע גענומען אין האַנט אַריין אַ באַל, געוויגן אים אויף דער דלאָניע און אים אַוועקגעלייגט צוריק פון וואַנעט ער האָט אים גענומען. אַזוי האָט ער זיך געזעגנט אויף אייביק מיט דער שפּיל.

דער חסיד האָט אויפגעשטעלט דעם קאָלנער און איז אַרויס אויף דער גאַס. ער האָט פאַרבייגעשלייכט סטראַשונס ביבליאָטעק צום כיור פון

דער גרויסער שול, כדי דאָרט פאַרן גיין אַהיים אָפּוואַשן פון זיינע הענט די טומאה.

*

איצקע דער רעטשישניק האָט פאַרמאַכט די ביליאַרדאָווע. ער האָט איינגעהאַנדלט ביי איסרן עטלעכע איינשיטן פון פערענעס און פאַרדעקט דערמיט דעם טיש. ער זוכט אַ קונד אויף אים. מאירקע יאַפּאָן איז פאַר־שווונדן. קיביצער זאָגן, אַז ניט אַנדערש, ער איז געפאָרן אין ווייטע לענדער לערנען נייע פאָרטלען. זיי בעטן זיך ביי איצקען ער זאָל ניט פאַרקויפן דעם טיש. מאירקע וועט צוריקקומען און ס׳וועט אָוועק אַ ריזן־שפּיל.

דערוויילן קייען די פליגן דעם אויסגעשטעלטן רעטשישניק אין איצקעס פענצטער און די ביליאַרדאָווע, צוזאַמען מיט גאַנץ יידישע גאַס, לעבט אין אומעט...



וולאַדעק האָט זיך מיט אונדז אויפגעהאָדעוועט...

# וולאַדעק

איך וויל אייך דאָ דערציילן וועגן וולאַדעקן. ער איז געווען יוזעף דעם סטראָזשעס אַ שגץ. יוזעף איז געווען אַ גוי אַ טרינקער און געשלאָגן די ווייב מיט די קינדער וויפל ס'איז אַריין. וולאַדעק האָט זיך מיט אונדז אויפ־געהאָדעוועט. ער'ט זיך ניט געהאַט ווו אַהינצוטאָן. אין קעלער ביי זיי איז געווען תמיד פינצטער. יוזעפאָווע האָט גאַנצענע טעג געקאָכט, אָדער וועש, אָדער קרויט. ערשט פאַרנאַכט פלעגט זיך דאָרט אַ ביסל אַראָפּלאָזן די פּאַרע. האָט זיך וולאַדעק געריבן אַרום אונדז, די קינדער פון הויף. צוגע־לייגט דערביי האָט ער ניט. דאָ אַ שטיקל חלה, אַ ברעקל רעטשישניק — וואָס די מאַמע האָט איינעם אַריינגערוקט אין האַנט. קיין גרויסע זיבן זאַכן האָט מען אַליין ניט געהאַט. ס'איז געווען אַ הויף מיט באָרוועסע, אָרעמעלייט איינער גרעסער פון אַנדערן. דער באַלעבאָס פון הויף, סערעמעטינקע, האָט זיך געהאַלטן אין איין קריגן מיט די שכנים. ער האָט געפאָדערט דירה־געלט. אַליין איז ער אויך ניט געווען פון די גבירים.

ווען מ'איז געווען קלענערע קינדער, האָט נאָך וולאַדעק געהאַט ווו זיך צוצוטוליען, אָבער אַז מיר זענען געוואָרן גרעסער און מען האָט אונדז פאַרשריבן אין „תורת־אמת", איז וולאַדעקן געווען זייער ביטער — אָן אַ ביס, אָן אַ שפיל. ער פלעגט אויסקוקן די אויגן אונדז צו זען צוריק נאָך האַלבן טאָג. אין „תורת־אמת" זענען מיר ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן. דאָרט האָט מען געגעבן אַמעריקאַנער מילך מיט ווייצענע קלאָצקעס. אַ הויף אַ גרויסער איז דאָרט געווען. מ'האָט זיך געקאָנט שפילן אין גנבים און פּאָלי־ציאַנטן. מיטן לערנען האָט מען אויך שטאַרק ניט געדריקט. דער לערער גערשאָוויטש, וואָס מיר האָבן אים גערופן קאַצעפּיי מיט די בעבלאַך, האָט פאַרשטאַנען מיט ווען ער גייט דאָ צום טיש, האָט ער גלייך אויפגעגעבן. אויפן ערשטן באַנק איז געזעסן טעווקע דער גייץ, אָרקע די זיבעלע און שמואל דעם קאַטערינשטשיקס צווילינג. יענע זענען שוין דעמאָלט געווען שטאַרקע. מיר האָבן געהאַט נאָך אַ לערערקע, דעם קליינעם פונק, פון ביכער־קראָם, זיינע אַ טאָכטער. מיר האָבן איר גערופן חנה־באַשקע. זי האָט נאָך

געפּרוּווט אַמאָל טאָלקעווען מיט אונדז, אָבער דערנאָך האָט זי אויך אָפּ־געלאָזט די לייצעס. ווען ניט דער פּאַרוואַלטער אייזיקאָוו וואָלטן מיר צעטראָגן די תלמוד־תורה ציגלווייז. ער פלעגט כמעט מיט אונדז ניט ריידן, נאָר געבן אַ קוק, האָט געמעגט אָנגיין אַ שפּיל, מען זאָל זיך וואַלגערן אויף דר'ערד און האַלטן איינער דעם אַנדערן פאַר די גאָרגלען, איז גענוג געווען זיין איין קוק, מען זאָל, ווי חיות אין אַ צירק, זיך פונאַנדערקריכן אין די ווינקלען. אַמאָל אויף אַ לעקציע פלעגט ער אַדורכשפּאַנען צווישן די בענק און אַ גלעט טאָן דעם, יענעם, איבערן קאָפּ, אַ זאָך, וואָס אין דער היים האָט מען דאָס ניט געהאַט. איז מען טאַקע געזעסן אויף זיינע שיעורים איינגע־לייגט. אויב מיר, בלאַטע, זענען אַרויס פון „תורת־אמת" מיט אַ פעדער אין האַנט אָנצושרייבן אַ בריוול פון תפיסה, צו מאַכן אַ חשבון מיט אַ פּאַסער, איז עס נאָר אַדאַנק אים.

איין מאָל האָט וולאַדעק געבעטן דעם טאַטן ער זאָל אים שיקן לער־נען, האָט אים יוזעף, שיכורערהייט, גוט צעהרגעט און אַרויסגעטריבן פון קעלער. ביים סטראָזש איז אַלץ געווען הפקר, אויסער די פלאַש בראָנפן. וולאַדעקן איז נמאס געוואָרן זיך אַרומצושלאָנדערן אַליין אויפן הויף, האָט ער אָנגעהויבן אונדז נאָכגיין אין דער פרי צו דער תלמוד־תורה. אויף אַ גרויסער הפסקה האָט אים אייזיקאָוו באַמערקט און געפרעגט, וואָס ער טוט דאָ. וולאַדעק האָט אים דערציילט. אייזיקאָוו האָט זיך זייער געחידושט אויף וולאַדעקס ריידן יידיש. ער האָט געהייסן מען זאָל אים געבן עסן צו־זאַמען מיט אַלע קינדער. טעווקע האָט אָנגעהויבן אַריינשמוגלען וולאַדעקן אין קלאַס. דער לערער גערשאָוויטש איז געווען קראַנק און חנה־באַשקע האָט ניט געוווסט פון איר קאָפּ צו זאָגן. אויך האָט זי מורא געהאַט דורכצו־גיין דעם קלאַס, מען זאָל איר ניט געבן אַ צי פאַרן קלייד. איך האָב וולאַ־דעקן פאַרשאַפט אַ שטיקל בלייער מיט אַ בייגעלע פּאַפּיר, און ער האָט געלערנט דעם אלף־בית, גלייך מיט אַלע.

*

אַזוי האָט מען זיך אויסגעהאָדעוועט, און מ'איז אַרויס אין גאַס, איינער פריער, איינער שפּעטער. אין שטוב איז יעדע מויל געווען איבעריק. די לעצטע יאָרן זענען געווען הייזער ווו מען האָט ניט געהאַט אַ טאָג איבער־צולעבן. דער הויף איז געגאַנגען כאַדאָראַם. יוזעף איז פון די בראָנפן אָוועק־

געשטאָרבן און מען האָט אָנגעהויבן ברעכן די פּאַרענטשעס אויף הייצן ווינטער די אויוונס. סערעמעטינקע האָט אַפּילו אויפגעהערט צו קומען אַ קוק טאָן אויף זיין פאַרמעגן. יעדן טאָג איז געווען אין הויף אַ דראַקע, אַ צוזאַמענלויף.

מיר, ייִנגלעך, האָבן זיך אַרויסגעשאָטן איבער שטאָט זוכן וווּ צו פאַר־דינען אַ פּאָר גראָשן. אַנדערע איז געלונגען זיך איינצואָרדענען. זעווקע דער שפּיגעלע האָט אָנגעהויבן פאַרקויפן דעם „אָוונט־קוריער״. שמואל דעם קאַטערינשטשיקס עלטערער בחור האָט געהאַט אַ שטים, איז ער אַוועק מיט לידער איבער די הויפן. טעווקע דער גייץ האָט זיך אָנגעדונגען ביי אַ דראָזשקאַר. איך מיט וואָלאַדעקן זענען אַוועק רייסן קופּערנע קליאַמקעס פון די בעסערע טירן צו פאַרקויפן אויף ברוך. איידער מיר האָבן זיך פאַרנומען אויף דעם, האָבן מיר געפּרוּווט אונטערשטעלן אַ פּלייצע ביי בונימאָוויטשעס וועטקע, אין קינקולקינס מיל, אָבער ס׳איז ניט געגאַנגען. אַ טאָג איז גע־ווען אַרבעט, און צען ניט.

אַזוי האָט מען זיך אַריינגעצויגן אין פּאַך. מיר האָבן אויפגעהערט קומען נעכטיקן. מען האָט נאָך אונדז אויך שטאַרק ניט געבענקט. מיט מיר האָט דער טאַטע זיך געשעמט. כאָטש די געגנט אַרום אונדז האָט געקישעט מיט בלאַטע, איז מיין טאַטע ניט צוגעשטאַנען צו זיי. ביז ער האָט זיך אָוועקגעלייגט, האָט ער געקליבן שמאַטעס פאַר דער אָלקעניקער פּאַפּיר־פאַבריק, און ניט געוווּסט פון פאַרשלעפּן ביי יענעם אַן איבעריקן פאָדעם. ער האָט אַפּילו אָנגעזאָגט דער מאַמען ניט צו נעמען קיין געלט ביי מיר, אָבער זי האָט דען געהאַט אַ ברירה? כיבע לאָזן די קינדער אָן ברויט. וואָלאַדעק פלעגט אויך עפּעס צוואַרפן אין קעלער. ער איז געווען ניט קיין שלעכטער שגץ.

*

אַזוי האָט מען זיך געדרייט. פאַר דער צייט האָבן מיר באַוויזן אָפּצוזיצן עטלעכע לענגערע וויראָקן אין לוקישקער טורמע. עטלעכע מאָל האָב איך פאַרלאָרן וואָלאַדעקן פון אויג. ער האָט זיך געפּרוּווט איינאָרדענען ערגעץ אויף אַרבעט אויסערן שטאָט. ס׳איז ניט געווען פאַר אים דאָס בלאָטעווען. ער פלעגט שלעכט פאַרטראָגן די תפיסה. מיר, נאָכן לעצטן יאָר זיצן, איז עס אויך געוואָרן פאַרמיאוסט. ווען מען האָט אָנגעהויבן לויפן קיין ראַטן־

פאַרבאַנד, האָב איך אויפגעזוכט װאָלאָדעקן און אים געזאָגט — לאָמיר אַוועקפאָרן, מירן דאָרט אָנהייבן פון אָנהייב. מען וועט זיך עפּעס צולערנען, מ׳עט אַרויפגיין אויף אַ וועג. װאָלאָדעק האָט זיך אָנגעכאַפּט. זענען מיר ביידע אַוועק צו הירשקע דעם קאַנאַריק, וואָס האָט געפירט מענטשן איבער דער גרענעץ. ביי ראַדאָשקאָוויטש זענען מיר, אַ מאַן צען, אַריבער צו די רוסן. אויף דער זאַסטאַווע אין זאַסלאַוו איז געהאַנגען אַ רויטער, לאַנגער לייוונט מיט אַן אויפשריפט — אַ ניי לעבן איז אייך פאַרגרייט...

דערנאָך האָט מען אונדז אָפּגעפירט אין דער מינסקער טורמע. אין רוסלאַנד איז דעמאָלט געווען יענער הונגער. מען איז געפאַלן פאַר אַ סקאָ־רינקע. אין תפיסה האָט מען געלעבט מיט צוויי הונדערט גראַם ברויט אַ טאָג. אויף רויכערן פלעגט מען שניצן ברעקלעך האָלץ פון די נאַרעס. כ׳האָב דאַן געטראַכט, אַז לוקישקעס איז נאָך ניט געווען פון די ערגסטע קיטשימענטן. װאָלאָדעק איז איינגעטריקנט געוואָרן. ער׳ט ניט געהאַט קיין כוח צו שטיין אויף די פיס. ס׳איז געווען יענץ ניי לעבן... מען האָט אונדז געפאָרשט, געטרייבערט אויף אַלע זייטן... מיר האָבן דערציילט דעם אמת, ווער מיר זענען, און וואָס מיר ווילן. נאַטשאַלסטווע האָט געשריבן און געמעקט. איין מאָל האָט מען אונדז אויפגענומען מיט נאָך אַרעסטאַנטן און זיך געהייסן סטראָיען אין וועג אַריין. ביזן לעצטן מאָמענט האָבן מיר ניט געוווּסט וווּהין די באַן פירט אונדז. אין מיטן נאַכט האָט מען געהייסן אַרויסגיין פון טעפּלושקע און געזאָגט, אַז מען וואַרפט אונדז אַריבער צוריק קיין פּוילן, און אויב מיר ווילן גוט אָפּשניידן, זאָלן מיר טענהען פאַר דער פּוילי־שער וואַך, אַז מיר קלייבן זיך ערשט אַריבערגיין קיין רוסלאַנד, וועט מען אונדז לייכטער משפּטן. מען וואַרפט אונדז אַריבער, האָט דער סטאַרשינאַ דערקלערט, כדי מיר זאָלן אויף אַן אָרט אַלץ טאָן, איינצופירן די ראַטן־מאַכט. אין מאָלאָדעטשנע האָט מען אונדז געמשפּט פאַרן וועלן אַריבערגיין די גרענעץ. מיר זענען אָפּגעקומען מיט עטלעכע חדשים.

*

לאָמיר בעסער דערציילן וועגן װאָלאָדעקן. מיר זענען געקומען צוריק פון מאָלאָדעטשנע, הויל, נאַקעט, אָן אַ גראָשן. װאָלאָדעק איז געווען אַזוי שוואַך, אַז ער האָט קוים געהאַט כוח צו ריידן. ער איז אַוועקגעפאָרן צו ווייטע קרובים אויפן דאָרף זיך אָפּכאַפּן אַ ביסל. איך האָב זיך איינגעבעטן

ביי איצקען דעם רעטשישניק ער זאָל מיך נעמען פאַר אַ מאַרקיאַר אויפן ביליאַרדאָווע, כ׳זאָל כאַטש האָבן, דערווייל, מיין טאָג אויסקומעניש. די ביליאַרדאָווע ציט אַריין. מען פאַרגעסט ווען ס׳איז טאָג און ווען נאַכט. ס׳איז אַלץ געגאַנגען ווי אין אַ טומאַן.

ס׳איז אַוועק אַ גוטע פּאָר חדשים, עפּנט זיך די טיר פון ביליאַרדאָווע און וולאַדעק קומט אַריין, דאָס פּנים אָפּגעגעסן, אין אַ גוטן אָנצוג. געוואָרפן זיך אויף מיר קושן האָט ער ניט. ער האָט געמאַכט אַ פּאָר פּאַרטיעס און געפרעגט צי איך וויל גיין מיט אים אויף לעבער מיט קישקע אין וועלפּ־קעס רעסטאָראַן. וולאַדעק האָט זיך זייער שיין געשטעלט. אין אונדזער פּאַך פרעגט מען קיינמאָל ניט פונוואַנעט דאָס געלט קומט, כיבע יענער דערציילט אַליין. איך בין דעמאָלט געווען שטאַרק בידנע, אַרויסקריכן פון דער ביליאַרדאָווע האָט זיך מיר זייער געוואָלט, האָב איך געבראָכן דעם כלל און געפרעגט וולאַדעקן צי האָט ער געכאַפּט אַן איינמאָליקן שאַנס, אָדער ס׳איז אַ געשעפט ווו ס׳קאָן אַריין אַ שותף. וולאַדעק האָט זיך פונאַנ־דערגעלאַכט, אַזש די גלעזלעך אויפן טיש האָבן געציטערט. כ׳האָב אים געקוקט אין די אויגן און גאָרניט פאַרשטאַנען. ער האָט זיך אַ ביסל באַ־רויִקט, זאָגט ער צו מיר:

— אַ געשעפט איז עס, אָבער ניט פאַר דיר.

כ׳האָב זיך זייער באַליידיקט. — וואָס הייסט ניט פאַר מיר? מען האָט ווייניק שלעסער צוזאַמען געבראָכן? ער ווייס דען ניט וואָס איך קאָן?...

רופט ער זיך אָפּ:

— נו, אויב דו ווע‎סט קאָנען פּיקעטירן כאַנאַוויטשעס טאַנדעט, אַז קיין גויים זאָלן דאָרט ניט אַריינגיין קויפן, איז אדרבה...

כ׳האָב מיינע אויערן ניט געגלייבט:

— דו?... דו ביסט צוגעשטאַנען צו די באַנדיטן? ווייסטו דען ניט, אַז זיי לאָזן ניט דורך אַ יִידן די גאַס?...

— מיר הייסן זיי ניט גיין מיטן שטעקן... איך טו אַנדערע זאַכן...

כ׳האָב זיך אויפגעהויבן פון טיש. וולאַדעק האָט זיך צעשריִען:

— מער וויל איך ניט בלאַטעווען... כ׳האָב געענוג די טורמעס!...

אויפן ווילנער אוניווערסיטעט האָט מען דאַן געשלאָגן די יידישע סטודענטן. די שונאי־ישראל האָבן געדונגען שומרים צו שטיין ביי די

יידישע קראָמען און ניט אַריינלאָזן קיין קריסטלעכע קונדן. אין שטאָט האָט געשמעקט מיט רציחה. און אָט איז וולאַדעק צווישן זיי.

כ'האָב זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. איך האָב געהאַט געמיינט, אַז ער שטעלט בראָנפן, ווייל ער האָט מצליח געווען ביי אַ קאַסע, אָבער טרינ־קען פאַר אַזעלכע געלט, וואָס ער פאַרדינט איצט ?... כ'בין אַרויס פון רעס־טאָראַן און זיך אַפילו ניט אומגעקוקט אויף אים.

*

איך פאַרשטיי ניט ביזן היינטיקן טאָג, וואָס איז דעמאָלט געשען מיט וולאַדעקן. אַ שגץ האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אויף אַ יידישן הויף. געקאָנט האָט ער אַ צורת אות ניט ערגער פון אונדז. אויף אַזוי פיל, אַז זעליק בעל־טובה, וואָס איז געווען גבאי אין דער טורמע־קלויז, האָט אים אַמאָל, בעת אַ יאָרצייט, געוואָלט צושטופּעווען צו אַ מנין. אַריינגעצויגן אין פאַך, גע־מאַכט פאַר אַ שטיקל מענטש האָב איך אים. איז נאָך אַלעם האָט ער זיך פאַרבונדן מיט די באַנדיטן, די סטודענטן מיט די פוקסענע עקן אויף די היטלען, וואָס האָבן געשלאָגן יידן. האָט אים טאַקע די מינסקער תפיסה איינגעבראָכן ביז לעצט ?... אפשר... ווייל גראָד דאָן איז געווען ווו צו פאַר־דינען. מיצקון האָט זיך געהאַט איינגעאַרבעט אין פאַרשלעפערן מענטשן אויפן באַן, און נייטיק געדאַרפט אַ העלפער אַרויסצוטראָגן די וואַליזעס. מישקע קראַסאָוויטשיק האָט געזוכט עמעצן צו פאָרן צוזאַמען איבער די יאַרמערק מיט געמלאכהטער לאָטעריע. וולאַדעקן וואָלט יעדערער אויפ־געכאַפּט. ער האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען ביי אונדז. די בלאַטע האָבן אָפּגע־פּסקנט, אַז דעם וואָלף ציט אין וואַלד און פאַרטיק, אָבער וולאַדעק איז מיט מיר אויפגעוואַקסן און איך האָב אים צומבעסטן געקענט. איך געדענק, ווי מיר, יינגלעך, פלעגן זיך גיין באָדן צו דער פראַנצוויזישער מיל. די דאָר־פישע זשלאָבעס זענען תמיד אָנגעפאַלן, האָט וולאַדעק דער ערשטער געכאַפּט אַ ציגל, כאָטש יענע האָבן געשריען, אַז ניט אים מיינט מען.

די זאַך מיט וולאַדעקן האָט מיר זייער געררופּעט. כ'האָב געזוכט אַ גע־געלעגנהייט צו רעדן מיט אים. אויך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז חברה וויל אים פאַררוקן אַ מעסער. זיי האָבן געטענהט, אַז פון פיקעטירן ביז מסרן איז ניט ווייט. כ'האָב אים געמוזט וואָרענען. פאָרט איז ער מיר ניט געווען קיין פרעמדער.

די קאָרפּאָראַנטן, די שלעגער, פלעגן זיצן ביי שטראַלן אין קאַפע. היני־טערן קאַפע איז געווען אַ ביליאַרדאָווע, פון די שענסטע אין שטאָט. דאָרטן האָבן זיך געזאַמלט די דערונטערדיקע פּאַרטייצעס, וואָס האָבן געדינט אויף ברעכן שויבן, אָדער סתם מאַכן אַ טומל אין אַ מאַרקטאָג. כ׳האָב גע־ווּסט, אַז וולאַדעק ליגט דאָרט אָפּ גאַנצע אָוונטן. כ׳בין אַוועק און אים אַרויסגערופן אויפן גאַס. איגעווייניק בין איך ניט אַריין. כ׳האָב ניט געוואָלט די גויים זאָלן מיך פאַרטשעפּען און וולאַדעק זאָל זיך דאַרפן אָננעמען. כ׳האָב געבעטן יאַנען דעם מאַרקיאָר ער זאָל זאָגן וולאַדעקן, אַז איך וואַרט אויף אים אין דרויסן.

איך געדענק ווי היינט. ס׳איז געווען אַ זומערדיקע נאַכט. מיר זענען ביידע געזעסן אויפן גראָז נעבן דער ווילִיע. די וואַסאָוניקעס האָבן געבראַטן קאַרטאָפל אויף שייטערהויפנס ביים ברעג טייך. אַ שטיקל אָפּשיין איז דער־גאַנגען צו אונדז און כ׳האָב אויפגעכאַפּט וולאַדעקס אַנגעשוואָלן פּנים. ווייזט אויס, אַז ער האָט זיך דאַן גענומען פעסט טרינקען. אַ רגע האָב איך זיך דערמאָנט זיין טאַטן, דעם סטראָזש, אונדזער הויף, די יינגלשע יאָרן. כ׳האָב אים געוואָלט זאָגן אַ פּאָר ווערטער, אים אויסמוסרן ווי אַ ייִנגערן ברודער, ער זאָל וואַרפן די בראָנפן, אָבער איידער כ׳האָב באַוויזן אויסצו־ריידן אַ וואָרט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און מיר געמאָלדן:

— טאָמער ביסטו געקומען וועגן לינקע ספּראַוועס...

אַזוי ווי ער וואָלט מיך אָפּגעגאָסן מיט קאַלטע וואַסער. העד אַ מעשה. וולאַדעק יוזעפּס איז געוואָרן וויטיש און איך בין דאָס, ניבע, דער מאַרעווי־כער, וואָס קאָן נאָר ריידן וועגן עפּענען ביינאַכט אַ פרעמדע קראָם. הייסט עס, אַז ער האַלט זיך העכער פאַר מיר, איז וואָס וועל איך אים גיין לערנען ווי צו לעבן ?... האָב איך אים בלויז דערציילט, אַז מען האָט זיך פאַרלייגט אויף אים. מען מיינט אַז ער איז אַ מסור.

וולאַדעק האָט זיך זייער צעקאָכט. ער האָט געגעבן אַ ריס פונאַנדער דאָס העמד אויף דער ברוסט:

— זאָלן זיי קומען שטעכן, זאָלן זיי... הינטישע בלוט... ווען ניט איך, וואָלט זבולון די פּירישקע פאַרפוילט געוואָרן אויף לוקישקעס...

ס׳איז טאַקע דעמאָלט געווען אַ מעשה מיט זבולונען די פּירישקע. ער איז געווען אַ מאַכער אין פאַראיין פון די שטאַרקע „די גאָלדענע פאָן", און מען האָט זיך קעגן אים געבונטעוועט. ס׳איז געקומען צו אַן איבעררייד און

זבולון האָט צעשניטן עטלעכע חברה. זבולון האָט געמוזט ציִען פון ווילנע. זיכער האָט אים עמעץ געדאַרפט העלפן מיט פּאַפּירן. איצט האָב איך געהערט פון וולאַדעקן, אַז ער האָט אַ האַנט אין דעם.

וולאַדעק איז געשטאַנען מיטן פּנים צום טייך און שווער געאָטעמט. כ׳האָב אים אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן אַקסל:

— וולאַדעק, אפשר איז אונדזער גורל אַזאַ, מען זאָל עסן בלאָטע ברויט? אָט לעבן דאָך מענטשן אַזוי...

— ניין... איך ניט... זיי האָבן מיר צוגעזאָגט, אַז ווען זיי וועלן האָבן די מאַכט, אָרדנט מען מיר איין אויפן באַן. כ׳וויל אַרבעטן, כ׳וויל זיין מיט מענטשן צוגלייך...

ווי איך האָב געקענט וולאַדעקן, איז ער קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסער מויקע. אַן אמתער בלאָטער האָט ליב דאָס פּאַך, די ריזיקע דערביי. וולאַדעק האָט עס ניט געהאַט אין די בלוטן. אַ גאַנץ לעבן האָט ער געחלומט צו זיין אַ מאַשיניסט. אָט האָט מען אים עס צוגעזאָגט, איז ער אַוועק זיי דינען; אָבער זיינע באַלעבאַטים זענען ניט פויל געווען צו זוכן יידישע קינדער אין די גאַסן און שפּאַלטן זיי די קעפּ. מיר האָבן ניט געקאָנט שטיין אָן אַ זייט. חברה איז אומגעגאַנגען מיט פינקעס און געלאָזט אָדער. כ׳האָב דערציילט, אַז וולאַדעק האָט געהאָלפן זבולונען, איז אים בייגעשטאַנען דער זכות, אַניט וואָלט מען אים אויך פאַרטשעפּעט. וולאַדעק האָט אינגאַנצן אויפגעהערט אַריינקומען אין אונדזערע מקומות. און מען איז געוואָרן פאַרפרעמדט.

*

ס׳איז אויסגעבראָכן דער קריג. מען איז צעוואָרפן געוואָרן אין אַלע קאַנטן. דאָס יאָר, וואָס די סאָוויעטן זענען געשטאַנען אין ווילנע, איז געווען גאָרניט שלעכט. אויסער די גבירים האָבן זיי, איבעריקנס, קיינעם ניט געטשעפּעט. פון די אַרויסגעפירטע קיין סיביר זענען כמעט אַלע געקומען נאָכן קריג צוריק. דאָך, בעת מען האָט זיי גענומען פון די הייזער, האָט גאַנץ ווילנע אויף זיי געוויינט. בלויז איך צאַלעל נאָז, וואָס האָט געהאַט דעם גרויסן קליידער־געשעפט, איז געשטאַנען אויף דער לאָסטמאַשין צווישן צוויי סאָלדאַטן, געפאָכעט מיטן היטל, און געשריען — זייט געזונט, יידן, איר׳ט נאָך מיר מקנא זיין!...

אין דער צייט האָבן זיך אַ ביסל אייגענע מענטשן איינגעאָרדנט אויף שיינע אַרבעטן. פּרץ דער דימענט, למשל, איז געוואָרן אויפזעער איבער די האַלעס. אָשרקע דעם קאַמאַשן־שטעפּער האָבן זיי אַוועקגעשטעלט פֿאַר אַ דירעקטאָר אין אַ גאַרבאַרניע. איך האָב אויך געקאָנט גיין ערגעץ אויף אַ שטעלע, אָבער ס׳איז אַוועק אַ מיסחר מיט זייגערלעך. מען האָט דערביי פֿאַרדינט גאָר גרויס. האָב איך באַשלאָסן דערווייל זיך צו האַלטן ביי דעם. וולאַדעקן האָב איך אין שטאָט ניט געטראָפֿן. ווייזט אויס, ער האָט אַ ביסל מורא געהאַט, איז ער פֿאַרקראָכן ערגעץ איבערוואַרטן די מהומה.

די גאַנצע שמחה האָט לאַנג ניט געדויערט. אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן זענען די דייטשן געווען אין שטאָט. אַ גאַנץ יאָר האָבן די רוסן געזונגען אַ לידל, אַז טאָמער איז מאָרגן אַ קריג, מאַכן זיי פֿון שונא אַ קאַלאַש. מען איז געווען איינגעגלויבט אין זייער כוח, און דאָ זעט מען פּלוצעם דייטשן אויף יאַטקעווער גאַס.

אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן. מען האָט געכאַפּט מענער און זיי אַוועקגעשלעפּט אויף פּאָנאַר. די דייטשן האָבן אונדז צעטומלט. מען איז ניט געווען געוווינט צו אַזעלכע רציחות. אַפֿילו די שטאַרקע האָבן זיך פֿאַרלאָרן. מען איז געבליבן אָן פּירער. ס׳איז ניט געווען ווער ס׳זאָל זאָגן וואָס צו טאָן, ווי צו האַנדלען. אין גאַס האָבן יידן געטרייסט איינע די אַנדערע — ס׳וועט זיך איינשטעלן. ס׳האָט זיך טאַקע איינגעשטעלט. מען האָט אונדז אַלעמען צונויפֿגעוואָרפֿן אין דריי גאַסן און אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן. די דייטשן האָבן געמאַכט אַ געטאָ. דער מזל איז געווען, וואָס איך האָב געוווינט מיט מיין פֿריידקען אויף שאַוועלסקע, בין איך געבליבן אין דירה. שאַוועלסקע גאַס האָט געהערט צום געטאָ; אָבער אַז מען האָט צונויפֿגעטריבן אַלע יידן פֿון די ווייטערע גאַסן, זענען זיי געבליבן אויפֿן ברוק. איך בין אַראָפּ אויפֿן הויף, זע איך דאָרט דעם לערער אייזיקאָוו, ווי ער שטייט מיט אַ קלומעקל אין האַנט, און קוקט אויפֿן הימל. פֿאַרשטייט זיך, אַז כ׳בין צוגעפֿאַלן צו אים און אַרויפֿגענומען מיט זיין ווייב צו מיר אין שטוב אַריין. כ׳האָב זיי אָפּגעגעבן אַ צימער. פֿריידקען האָב איך אָנגעזאָגט, מען זאָל זיך מיט אַלץ טיילן.

אין געטאָ האָט זיך יעדער געוואָרפֿן אויפֿטערכען דאָס שטיקל ברויט. אַנדערע האָבן זיך צוגעטוליעט צו די קוימענקערער. די בראַנזשע איז געוואָרן גאָלד. קוימענקערער האָבן זיך געקאָנט פֿריי דרייען איבערן שטאָט.

דערביי איז לייכטער געווען זיך צו באַזאָרגן מיט אַ ביסל עסן. מיר איז אין געטאָ ניט געגאַנגען. כ׳בין אַראָפּ פון מוט. איינציקע יינגלעך האָבן פאַרגע־לייגט אַוועקשטעלן ביי מיר אַ טישל מיט אַ סליצע אין בלאָט אַריינצולייגן דאָרט געשטאָכענע קאָרטן און רופן געלטיקע מענטשן זיי צו באַאַרבעטן אין ראַמס. כ׳בין שוין, אָבער, ניט געווען דער זעלבער. די געטאָ האָט מיך צו־געדריקט. אויסער דעם האָב איך זיך געשטערט פאַר דעם לערער אייזיקאָוו. כ׳האָב זיך אָנגעשלאָסן אָן אַ בריגאַדע און געגאַנגען אַרבעטן אויפן פאַרו־באַנקער פליפעלד.

*

אין צוויי אַקציעס האָט מען צוגענומען ביי מיר אַלע אייגענע. כ׳בין געבליבן מיטן לערער אייזיקאָוו. אויך זיין ווייב האָט מען אַוועקגעפירט קיין פּאָנאַר. בעת דער אַקציע איז ער געלעגן אין געטאָ־שפּיטאָל, האָבן אים די דאָקטוירים באַהאַלטן. מען זאָל מיך פרעגן ווי איך האָב אויסגעמיטן דעם טויט, וואָלט איך ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. די חכמה האָט דעמאָלט ניט געגאָלטן. יעדער האָט געשפּילט מיט זיין לעבן אַ נאַרישן איינאונ־צוואַנציק, און ווי דער בלינדער מזל האָט אויסגעטראָגן.

די דירה איז פּלוצעם גרויס געוואָרן. כ׳האָב אַריינגענומען צו זיך טעווקען דעם גייץ, מ׳זאָל ניט זיין אַזוי עלנט. ער איז אויך געבליבן איינער אַליין.

איין מאָל, אין אַן אָוונט, זיצן מיר זאַלבעדריט און טיילן זיך מיט אַ פּאָר אַריינגעשמוגלטע קאַרטאָפל, רופט זיך אָפּ דער לערער אייזיקאָוו:

— קינדער, איר דאַרפט זיך אַרויסרייסן פון דאַנעט. די דייטשן וועלן אומברענגען ביז איינעם.

טעווקע דער גייץ שיילט זיין קאַרטאָפל און דערווידערט דעם לערער אייזיקאָוו:

— וואָס רעדט איר, ווו וועט מען לויפן, אַז די דייטשן זענען אומעטום. און ביי אונדז איז נאָך אַ גוטע געטאָ, אָט פּורקעט מען ווי עס איז...

און אייזיקאָוו, מיט זיין לערערישן געדולד, קלערט אים אויף:

— טעווּלע, די דייטשן האָבן זיך פאַרנומען אונדז אומצוברענגען ביז איינעם. זיי האָבן אונדז פאַרשפּאַרט אין געטאָס, כדי ס׳זאָל זיי זיין לייכטער דאָס דורכצופירן.

און ווי ער זיצט, דער לערער אייזיקאָוו, אַן איינגעבויגענער, גיט ער, מיט אַ מאָל, אַ גלייך אויס דעם רוקן און הייבט אָן ריידן צו אונדז גאָר שטרענג, כמעט שרייענדיק:

— איך הייס אייך אַרויסרייסן זיך פון דאַנעט! קעמפן! נעמען נקמה!...

דער לערער אייזיקאָוו האָט שווער געאָטעמט. איך און טעווקע זענען געבליבן זיצן געפּלעפּטע. מיר האָבן ניט געוואָגט אויסצורײדן אַ וואָרט.

ער האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט, איז ער צוגעגאַנגען צו זיין געלעגער, אונטערגעהויבן דעם מאַטראַץ, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט אַ זעקעלע, און מיר עס דערלאַנגט:

— דאָ איז מיין פרוים פאַרמעגן — עטלעכע גאָלד־מטבעות, צענער־לעך, דאָס וועט אייך העלפן אין וועג. אויב איר וועט איבערלעבן דעם קריג, אָדער איינער פון אייך, זאָל יענער אָפּגעבן אַ גרוס מיין זון אין ארץ־ישראל. זיין אַדרעס ליגט אין זעקעלע. מען זאָל אים זאָגן, אַז זיין טאַטע, דער יידי־שער לערער, האָט באַפוילן די תלמידים גיין זיך אַנטקעגנשטעלן, מען זאָל אים זאָגן...

דאָ האָט דער לערער אייזיקאָוו איבערגעריסן זיין גערייד און פאַרגראָבן דעם גרויען קאָפּ אין די דלאָניעס.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר אים געפונען אַ טויטן. ער האָט זיך פאַרסמט. פאַר אַזאַ אַדלמאַן איז ניט געווען דאָס געטאָ־לעבן, און נאָך דערצו אַליין.

*

דעם לערער אייזיקאָוו איז געווען לייכט צו זאָגן — גייט, קעמפט... מענטשן זענען יאָ אַרויס פון געטאָ, אָבער כדי זיך צו דערקלייבן קיין ווייס־רוסלאַנד. ס׳איז געגאַנגען אַ סלוך, אַז דאָרט איז רויק. ווער ס׳האָט גע־האַט געלט, האָט זיך אויפגערעדט מיט אַ מאַכער, און מען איז געפאָרן. מיר איז די גאַנצע מעשה ניט געווען צום האַרצן. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דער פירער איז קאַזשיק סטאַנקעוויטש. אויפן ביליאַרדאָווע האָט מען אים גערופן קאַזשיק די קאָסע, ווייל ער האָט געהאַלטן קרום דעם שטעקן. אין גוטע יאָרן האָט מען אים ניט צוגעלאָזט צום טיש, ביז ער האָט ניט איינ־געלייגט פאָראויס דאָס געלט. איז ער געוואָרן דער דערלייזער. ערשט שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט דעם סוף פון די אַלע טראַנספּאָרטן.

כ׳האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן וולאַדעקן, אפשר וועט ער מיר קאָנען העלפן. מען איז דאָך אַמאָל ווי אייגענע געווען, זיך צוזאַמען אויפגעהאָדע־וועט, יאָרן אין איין צעלע געזעסן. צוזאַמען געהאַט קאָלט און וואַרעם. ניט שוין־זשע האָט ער דאָס אַלץ פאַרגעסן? ניט שוין־זשע קוקט ער זיך צו צו די מערדערייען און טרינקט בראָנפן מיט די דייטשן? אפשר... אין אַזאַ צייט איז אַלץ רעכט געווען.

אָט אַזוי האָבן מיך די ספקות געטשאָטשעט. דערנאָך האָב איך זיך גע־זאָגט — וואָס קען מען אָנווערן? ער׳ט העלפן זיך דערקלייבן ווו מען דאַרף, איז גוט, ווען ניט, וועל איך אָפּווישן די ליפּן, און ווי גאָט וועט געבן.

דערווייל איז אַרויס אַ מחלוקת צווישן מיר און טעווקען. ער האָט געבעטן ביי מיר אַ פּאָר צענערלעך צו גיין שפּילן אין קאָרטן. אסתרקע אין די ברילן האָט געעפנט אַ שפּילהויז און גענומען טישל־געלט. טעווקע האָט געזאָגט, אַז דאָרט זיצט אַ שטוב מיט פּושערס און מען קאָן צונעמען ביי זיי וויפל זיי האָבן. פאַרשטייט זיך, אַז כ׳האָב אים ניט געגעבן. עפּעס אַ קלייניקייט, אַזעלכע געלט. כ׳האָב עס פאַררוקט אונטער אַ קראָקווע אויפן בוידעם, און יעדע נאַכט, ווען כ׳האָב קאָנטראָלירט צי ס׳איז אויף אָן אָרט, דורך אַריינרוקן די האַנט אין דער שפּאַרע, האָט דער סאַמעטענער זעקעלע געגלעט מיינע פינגער, ווי עפּעס אַ לעבעדיקע זאַך. אַזוי ווי דאָרט, צווישן די מטבעות, וואָלט זיך געצאַפּלט דעם לערער אייזי־קאָווס אָנזאָג אַרויסצוגיין פון געטאָ און קעמפן קעגן די דייטשן. טעווקע האָט געטענהט, אַז ער איז אַ פאַלנער שותף, האָב איך אים געזאָגט, אַז אויב ער וועט גיין מיט מיר, איז אַ העלפט זיינס. פאַר כעס איז ער אַוועק העלפן אסתרקען אין געשעפט. ער האָט נאָך מיר געוואָלט איינרעדן, אַז ס׳איז ניטאָ וואָס צו לויפן און זוכן דעם טויט. כאילו מען האָט אים געדאַרפט זוכן ווען יעדער האָט אים גאָר געטראָגן אויף זיין אייגענער פּלייצע; אָבער וואָס האָט טעווקע פאַרשטאַנען? אַ גלעזל בראָנפן האָט ער געהאַט, אַ קאָרט אין האַנט האָט ער געהאַלטן, פון אסתרקען אַ גלעט האָט ער אויך געכאַפּט, איז וואָס האָט ער געדאַרפט מער?

איך האָב זיך פעסט גענומען אויפזוכן וולאַדעקן. כ׳האָב געבעטן אַלע באַקאַנטע, וואָס גייען אין שטאָט אויף אַרבעט, זיי זאָלן אָנפרעגן דאָ, דאָרט. ביז אָשרקע דער קוימענקערער האָט מיר געבראַכט אַ גרוס. ער האָט געזען וולאַדעקן שלעפן זעק מיט ברויט נעבן דער פּאָסט. אָשרקען האָב איך

אַמאָל, פאַרן קריג, אַרויסגעצויגן פון אַ ספּראַווע. כ׳האָב אים געבעטן ער זאָל זאָגן וולאַדעקן, אַז איך דאַרף אים האָבן. אָשרקע האָט מורא געהאַט. כ׳האָב אים ניט געקאָנט פאַרדענקען, אָבער כ׳בין זייער צוגעשטאַנען, אַפילו אים דערמאָנט, אַז ער איז מיר עפּעס שולדיק.

אויפן צווייטן טאָג קומט אַריין אָשרקע מיט אַ פאַרשמירטער צורה פול נחת, און שלעפּט אַרויס פונעם עמער אַ סמאַטקאַוון קעזל, נאָר אָפּצו־סקראָבען דעם קוילן־שטויב און לייגן אויף ברויט. דערנאָך דערציילט ער מיר, אַז ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן צו זען וולאַדעקן, און אים זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

ס׳איז אַוועק אַ וואָך און וולאַדעק איז ניט געקומען. מען פירט אונדז צוריק פון דער אַרבעט, דריי איך דעם האַלדז אַהער, אַהין, אפשר טשאַטע־וועט ער ערגעץ הינטער אַ ראָג. כ׳האָב אָנגעהויבן טראַכטן, אַז אָשרקע האָט מיך בלויז אָנגעצויגן וועגן וולאַדעקן און געבראַכט דעם קעזל, כדי זיך צו קוויטירן.

כ׳האָב אַמאָל אין לוקישקער טורמע געפּלאַנט איבערצוזעגן אַ קראַטע, און דאָ, אין געטאָ, בין איך געוואָרן בטל. כ׳האָב זיך ניט געקאָנט קיין עצה געבן. ס׳האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך פיר אונטער דעם לערער אייזיקאָוו. דאָס האָט מיך זייער געגריזשעט.

וולאַדעק איז יאָ געקומען. כ׳האָב שוין געהאַט אויפגעגעבן די האָפע־נונג אים צו זען אַ מאָל, איז ער אַריין מיט אַ שטאָטישער בריגאַדע אין געטאָ, כדי צו רעדן מיט מיר. עס שטייט מיר פאַר די אויגן אונדזער באַגעגעניש. איך זיץ אַזוי ביים טיש אַ פאַרזונקענער אין מיין מרה־שחורה, עפנט זיך די טיר און וולאַדעק גייט אַריין. אין זיין פּנים האָט זיך פאַר־קליבן אַ פאַרביסנקייט. די קינבאַקן האָבן ביי אים געשפּילט. כ׳האָב זיך אויפגעשטעלט און אים אַנטקעגנגעגאַנגען. ער האָט מיך פאַרקלאַמערט אין זיינע אָרעמס, און עטלעכע רגעס זענען מיר געשטאַנען אַרומגענומען, ניט אויסרעדנדיק אַ וואָרט. דערנאָך איז ער אַוועק אין אַ ווינקל און זיך געפּאָרעט דאָרט מיט זיין נאָזטיכל אַרום די אויגן. צולעצט האָט ער זיך אָפּגערופן:

— נו, אָט זעט מען זיך...

איך בין גלייך אַרויס מיט מיין ענין:

— וולאַדעק, איך וויל אַרויסגיין פון געטאָ. נאָר אויב קאָנסטו ניט,

אָדער דו ווילסט מיר ניט העלפן, איז דיין יעדע מינוט זיין דאָ איבעריק.

וולאַדעק האָט זיך אויפגערעגט:

— וואָס מיינסטו, איך האָב ריזיקירט צו קומען צו דיר אויסצוהערן אַזעלכע רייד? לאָמיר זיך אַוועקזעצן און דערצייל מיר אַלץ געניי.

— פריער מוזטו צוזאָגן, אַז דו וועסט מיר העלפן.

— געטרויסט מיר ניט?...

— ווי זאָל איך דיר זאָגן? אין די גוטע יאָרן ביסטו געווען אַוועק פון אונדז, איז ווי נאָך היינט, אַז דיינע מענטשן זענען מחותנים אויף דער גאַנצער חתונה?...

וולאַדעק האָט אַ זעץ געטאָן מיטן פויסט אין טיש אַריין, און זיך צעשריִען:

— שווייג, דו!...

ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף, מיך אָנגעכאַפּט פאַרביידע קלאַפּעס און געזייט יעדן וואָרט דורך די פאַרפּרעסטע ציין:

— מיר האָבן די דייטשן ניט גערופן צו אונדז...

דערנאָך האָט ער מיך אָפּגעלאָזט און גערעדט שוין רויקער:

— זיי וועלן פּגרן. ס'וועט אַנדערש זיין. אַ סך זאַכן זענען קלאָר געוואָרן...

דאַן האָב איך אים אַלץ דערציילט. ווען כ'האָב דערמאָנט דעם לערער איזיקאָוו האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ און געברומט פאַר זיך:

— אַ מענטש געווען... ער האָט עס מיר דעמאָלט צוגעטוליעט...

מיר האָבן זיך געהאַט אָפּגערעדט, אַז אין דריי טעג אַרום וואַרט ער אויף מיר נעבן דעם אָסטרע־בראַמע־קלויסטער. ער'ט מיר געבן אַ סימן, אַז איך קאָן אים נאָכגיין, דורך קניען און זיך איבערצלמען פאַר דעם הייליקן בילד, וואָס איז אויסגעשטעלט אויף דער טעראַסע, איבער דעם דורכגאַנג־טויער. איך האָב אים מיטגעגעבן עטלעכע שטיקלעך גאָלד, ער זאָל מיר פאַרשאַפן אַ רעוואָלווער מיט אַ ביסל קוילן. ס'איז געווען באַשטימט, אַז ער פירט מיך צו זיין מאַמען, צו יוזעפאָווען, וואָס האָט געוווינט ביי קרובים אין אַ דערפל. פון דאָרט איז שוין ניט ווייט דער וואַלד געווען.

*

דעם טאָג, ווען כ'בין אַרויס פון געטאָ, האָט ווילנע געשיינט. דער זומער איז געווען אָנגעקומען. דיביימער פון ביידע זייטן גאַס האָבן געגרינט ווי

תמיד. דעם ערשטן מאָל בין איך געגאַנגען אָן דער געלער לאַטע. מיר האָט זיך געדוכט, אַז אַלע קוקן בלויז אויף מיר, און גלייבן זייערע אויגן ניט. כ׳האָב גענומען דעם פּחד פאַרן האַלדז און געשפּאַנט צו דער אָסטרע־בראַמע אַן אויסגעפּוצטער אינעם שבתדיקן אָנצוג מיט אייזיקאָווס זעקעלע איינגענייט אין גאַרטל.

וולאַדעק איז געשטאַנען מיט נאָך מענער און פרויען פאַראייניקט אין אַ שטילן געבעט. איך האָב זיך צוגעשפּאַרט פון דערווייטנס צו אַ קלויס־טער־פילאַר און זיך פאַרקוקט אינעם בילד פון מאַריען מיטן קינד. די פאַרביקע סטענגעס, וואָס זענען אַראָפּגעהאַנגען פון דער באַגילדעטער ראַם, האָבן מיר געשווינדלט פאַר די אויגן.

איך וואַרט אויף וולאַדעקס צייכן, ווי ס׳איז געווען אָפּגערעדט. איך שטיי אַ צען מינוט און מיר דוכט זיך, אַז ס׳איז אַ יאָר. די שרעק ווייזט מיר אַ רויטע צונג. זי הוליעט פראַנק און פריי אין די געבליטן און איך האָב ניט קיין שליטה איבער איר. ניט ווילנדיק הייב איך אָן צו פּרעפּלען — גאָט, האָב רחמנות, ווייז אַ נס... און דאָ לאָזט זיך וולאַדעק אַראָפּ אויף די קני...

דער המון האָט זיך געלאָזט צום גאַס. וולאַדעק האָט מיך באַמערקט. אַ רגע האָבן זיך געקרייצט אונדזערע בליקן. כ׳האָב אָפּגעוואַרט ביז ער וועט זיך דערווייטערן אַ ביסל און אים אָנגעהויבן נאָכגיין.

אַזוי זענען מיר אַרויס פון שטאָט.

*

וולאַדעק האָט ניט דערלעבט די באַפרייונג. אַזוי פיל יאָרן זענען אַוועק און עס קלינגט נאָך אַלץ אין מיינע אויערן זיין געשריי — בערקע, אַנט־לויף!... אַנטלויף!...

ער איז געלעגן אַ פאַרבלוטיקטער אויפן ברוק און נאָך אַלץ געשריען. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט, זעענדיק פון דער ווייטנס ווי די צוויי געסטאַ־פּאָווצעס, וואָס האָבן מיך פאַרהאַלטן ביים עק רוזעלע, פירן מיך צוריק אין שטאָט, וואָלט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק, און געגאַנגען זיין וועג; אָבער וולאַדעק האָט זיך אויסגעדרייט צוריק, כדי מיך פון זיי אָפּצוזשיסן. אויפן מאָמענט האָבן זיי זיך טאַקע פאַרלאָרן. איינעם האָט וולאַדעק גלייך אָפּגעקאָסעט. דער צווייטער, אָבער, האָט באַוויזן צו געבן אַ סעריע פונעם אויטאָמאַט. איך בין געלאָפן אין זיגזאַגן דורכן קאַרטאָפל־פעלד.

ערשט נאָכן קריג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז וולאַדעקן האָט אַ פּוילישע אָרגאַניזאַציע אַריינגעזעצט אין דער פּאָסט, צו פאַרשאַרן נייטיקע בריוו אין קעשענע. פאַר וואָס האָט ער עס מיר ניט דערציילט בעת אונדזער באַגעגעניש אין געטאָ ווייס איך ניט. מן הסתם איז ער געווען געבונדן מיט אַ שבועה.

דעם לערער אייזיקאָווס זעקעלע האָב איך אָפּגעגעבן זיין זון אין ארץ־ישראל. דאָס גאָלד האָט מיר געהאָלפן זיך דערקלייבן מיט געווער אין וואַלד. מיט יוזעפּאָווען האָב איך זיך ניט געטראָפן. כ׳האָב איר אויך ניט שטאַרק געזוכט. אַליין איינס וואָלט איך איר ניט געקאָנט דערציילן, אַז וולאַדעק איז געפאַלן צוליב מיר.



זהבה מיט די קינדער...

# נאָטקע דער קאַטער

דאָ ניט לאַנג באַקום איך אַ בריוו פון נאָטקע דעם קאַטער, אַז ער קומט צו פאָרן. אַ גוטע צוויי יאָר האָב איך ניט באַקומען פון אים קיין איינגעטונקטע פען. גרוסן האָב איך יאָ געהאַט. מענטשן זענען געווען אין אַמעריקע, האָבן זיי דערציילט, אַז עס גייט אים זייער גוט. ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אויפקויפן אַלטע אייזן, און ער פאַרדינט גרויסע געלטער.

אין אונדזער חברה, אַז מען באַקומט ניט קיין בריוו, דאגהט מען ניט. מען איז זיכער איינער מיטן אַנדערן. איך, למשל, ווייס, אַז ווען כ׳זאָל אַריינקומען אין אַ פּראָסטן מיטוואָך צו נאָטקען, טאַקע דאָרט, אין אַמעריקע, קאָן זיצן ביי אים דער סאַמע פּרעזידענט, הייבט ער זיך אויף און ברענגט אַ פלעשל מיט צובייסן. דאָס זעלבע ביי מיר. כ׳האָב באַקומען זיין בריוו, בין איך אַוועק אין וואַרשטאַט און געזאָגט דעם באַלעבאָס — אַדוֹן רויז־מאַן, מאָרגן קאָן איך ניט קומען צו דער אַרבעט, כ׳מוז פאָרן אין לוד אָפּנע־מען מיינעם אַ גוטן ברודער. פאַרשטייט זיך, אַז מיין אַלטער האָט געבור־טשעט. ס׳איז גראָד געווען אַ סראָטשנע באַשטעלונג. פון דעסטוועגן, אַז כ׳האָב אים דערציילט ווער און וואָס, האָט ער מיר בלויז געבעטן איך זאָל זיך שטאַרק ניט פאַרטרינקען און קומען אַרויסענדיקן די אַרבעט. כ׳האָב אים צוגעזאָגט. כאָטש וואָס ? עס פעלט דען וווּ צו גיין טאָן ?... ס׳וואַלגערן זיך ניט אין ארץ־ישראל קיין ווילנער בלעכער ; אָבער דער רויזמאַן איז גראָד ניט קיין שלעכטער ייד. מען האָט פון אים אַ מאָל אַ טובה. איז וואָס גיין יענעם סתם אַריינרוקן אַ טשוואָק אין בויך ?...

געקומען אַהיים מיטן דזשיפּ, האָב איך אָנגעזאָגט מיין יידענע, אַז מאָרגן ברענג איך אַ גאַסט פון אַמעריקע. אַמעריקע איז אַמעריקע. זי איז גאָרניט נתפעל געוואָרן. ס׳איז איר ניט דאָס ערשטע מאָל אויפצונעמען וועמען פון דער חברה. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק טרעפט מען זיך ביי מיר. קומט ווער קיין תל־אביב פון חיפה, צי פון באר־שבע, פאָרט מען אַריין צו חיים דעם בלעכער. און טאַקע — וווּ וועט מען אַריינפאָרן, צום ראש־העיר ?

מיין ווייבל איז, דעם אמת געזאָגט, ניט אַזוי גליקלעך דערפון. אָבער וואָס קאָן זי פאַרשטיין אין אַזעלכע זאַכן? זי איז דען פון ווילנע? זי איז אַ תימנקע, פון די סאַמאַראָדנע תימנער, וואָס רעדן עברית פון גאָרגל אַרויס, און שפילן בעת אַ שמחה אויף אַ ליימענעם טאָפּ, באַצויגן מיט אַ פעלכל. כ׳האָב זיך באַקאַנט מיט איר אין אַ רעסטאָראַנטשיק, ווו כ׳פלעג עסן מיטאָג. זי האָט דאָרט געאַרבעט פאַר אַ דערלאַנגערקע. קיין מיאוסע איז זי ניט. מיט אַ פּאָר גרויסע אויגן, ווי די שטיינקוילן, און אַ שמאָלן פאַרצעלייענעם נעזל. מילא, אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, און כ׳האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן איר. יאָ הונגעריק, ניט הונגעריק — צען מאָל אַ טאָג בין איך געלאָפן אין קנייפּע. ביי אונדזערן אַ מענטשן, אַז מען פאַרליבט זיך, איז ביטאָ קיין חכמות. זי האָט געזען, אַז ביי מיר איז דאָס ניט קיין כאַכינקע, האָט זי מיך אַוועקגעפירט אין כרם התימנים, הינטערן כרמל־מאַרק, ווייזן דער משפחה. פאַרשטייט זיך, אַז די מחותנים זענען געזעסן אויף דער ערד, מיט די פיס אונטער זיך, און געדרייט פאַטשערקעס; אָבער מיך האָט עס ניט געאַרט. יעדער לעבט אויף זיין פאַסאָן. זי, פון איר זייט, האָט זיך איינ־געאַרבעט. כ׳האָב איר אויסגעלערנט יידיש. זי קאָן אַלע מיט די נעמען און ווו ווער ס׳האָט אין ווילנע געוווינט. אין קיך ביי איר דעזשורעווען צוויי קישקעס וווּרשט, חוץ אַ צוגעפּרייעטן צונג. וועגן אַ הערינג איז דאָך ביטאָ וואָס צו רעדן. טאָמער קומט ווער אַריין, זאָל מען האָבן וואָס אין מויל צו נעמען.

אַ קיצור, כ׳האָב אָביאַוועט אין שטוב וועגן גאַסט, זענען די קינדער אַרויס מיט אַ טאַנץ — הדוד נאָטקע בא... כ׳האָב זיי נאָך אַמאָל דערציילט וועגן אים, אַז ער איז מיר אַזוי ווי אַ ברודער. קינדער זענען אויסגעבענקט נאָך משפחה. ביי מיר זענען אַלע אומגעקומען, איז זאָל נאָטקע זיין אַ פעטער. אדרבא, וואָס שאַדט עס?...

אויף מאָרגן האָב איך געטראַכט גיין אָנזאָגן עטלעכע גוטע פריינד, אַז נאָטקע קומט ביינאַכט, דערנאָך האָב איך באַשלאָסן, אַז בעסער זאָל די ערשטע נאַכט אַריבער אָן אַ טומל. אפשר וויל ער גאָר זיין מיט מיר אַליין, אויסטרינקען אין דער שטיל אַ גלעזל, אויג אויף אויג... מ׳האָט זיך דאָך אַזוי פיל יאָרן ניט געזען.

בין איך טאַקע אַליין אַוועקגעפאָרן קיין לוד. דערווייל האָט דער עראָ־פּלאַן אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, בין איך געזעסן און געקוקט, וואָס דאָ טוט

זיך. איך זע יידן פליִען אַהער, פליען אַהין, ס׳איז אַן אמתער יריד. — איי — טראַכט איך מיר — ווי דער לעבעדיקער דערלעבט. אַט זיץ איך אין לוד און דאַרף זיך גאַר ניט סטראַשען פאַר די גויים, טאָמער געפעלט זיי ניט מיין היטל. אין ווילנע אויפן וואָקזאַל איז שוין די לעצטע יאָרן געווען אַ סכנה צוגיין צום בופעט. און אַז איך בין אַרויף אויף ווילנע, האָב איך זיך דערמאָנט אונדזער שניפּעשיקער הויפל. מ׳איז דאָרט געווען אַ מאַן צען, און איבערגעבליבן בין איך מיט נאַטקען. אַ ביסל האָט די מלחמה אויסגעקאָסעט, אַ ביסל דער וואַלד. איך מיט נאַטקען זענען געווען אין דער אַרמיי. ביז בערלין דערגאַנגען. נאָכן קריג האָט נאַטקען אָפּגעפונען אַ קרוב פון אַמעריקע, און אים אָפּגענומען צו זיך. און איך בין אַוועק קיין ארץ־ישראל. כ׳בין אַריינגעפאַלן אַהער אין סאַמע ברען. כ׳האָב נאָך געדאַרפט דאָ אַ ביסל מלחמה האַלטן מיט די אַראַבער. אויך ניט געווען קיין מאַכל. ביי פאַלודזשאַ האָב איך געכאַפּט אַ פאַרזשאַווערטן אַסקאַלאָק אין די זעברעס. כ׳בין נאָך גוט אַרויס.

נאַטקע האָט מיך טאַקע גערופן קיין אַמעריקע. מ׳האָט זיכער געקאָנט צוזאַמען מאַכן אַ ביסל געלט, אָבער ס׳פאַרדריסט מיך ניט. גאָט צו דאַנקען, מען איז ביי זיך. ס׳איז פאַר די קינדער אויך בעסער. און נאָך אַלעם — נאַטקע טרינקט מער בראַנפן פון מיר? די זעלבע הונדערט גראַם... און וויפל דאַרף דאָס בכלל אַ מענטש?...

דערווייל איז געוואָרן אַ לויפעריי צום באַלקאָן, פון וואַנעט מען קאָן זען די עראָפּלאַנען. כ׳האָב געגעבן אַ פרעג, וואָס איז די לויפעניש, זאָגט מען מיר, אַז דאָס איז עס — מען איז אָנגעקומען פון אַמעריקע. בין איך אויך אַרויף אויפן באַלקאָן. איך שטיי און קוק פון אויבן ווי די מענטשן גייען איבערן פעלד, אָבער נאַטקען זע איך ניט צווישן זיי. אָט נעמט מען צו די טרעפּלעך פון עראָפּלאַן, און פּאַרטיק, ס׳איז ניטאָ אויף וועמען צו וואַרטן. אַ רגע בין איך געבליבן שטיין, ניט אַהין, ניט אַהער, דערנאָך האָב איך באַשלאָסן ווייטער צו פרעגן. יאָ, זאָגט מען מיר. ס׳איז פאַראַן אַ נייטן כאַל אין דער פּאַסאַזשירן־רשימה. זאָל עס זיין נאַטקע סאַלאָדוכין? איך וואַרף מיט די אויגן איבערן זאַל פון מכס און איך זע, עפּעס אַ קענטלעכער שטייט ביים טיש און דינגט זיך מיטן צאָל־באַאַמטן. כ׳וואָלט געמעגט שווערן, אַז דאָס איז נאַטקע. די אויפגעהויבענע פּלייצע און דאָס מאַכאַיען מיט די

הענט האָבן אים געמסרט. ס'איז טאַקע ער געווען; אָבער זיין אַנטלויפן, און בכלל, ווי ער האָט אויסגעזען — אַ גאַנצע העמד איבער די הויזן, אַ צעפּאַ־טעווטעס מיט כל מיני חיות. אויפן בויך אַ פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט מיט עפּעס אַ לאַנגער טרובע, און אויפן שפּיץ קאָפּ אַ שטרויענער קאַפּעליושטשיק מיט אַ פעדער.

מיר איז געוואָרן אַ ביסל אומעטיק. ווי מען קאָן דאָס ווערן פאַרמוי־פּעיעט אין דער פרעמד. אַזאַ נאָטקע, גאָרניט קיין נאַרישער בחור, האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך ניט זיין הויט.

דערווייל האָט ער געענדיקט זיינע געשעפטן און זיך געלאָזט צום טיר. איך האָב זיך אים אַ וואָרף געטאָן אַנטקעגן, ווי עס פירט זיך. מ'האָט זיך דאָך אַזוי פיל יאָרן ניט געזען. קוקט ער גאָר איבער מיין קאָפּ, וווהין דער טרעגער פירט זיינע קלומיקעס, און צו מיר זאָגט ער גאָר — דזשאַסט עי מאָמענט...

נו, דאָ האָב איך שוין ניט אויסגעהאַלטן. מילא, דאָס משוגענע העמד — פאַרפאַלן, ס'איז אַמעריקע אָבער נאָך ניט ריידן דערצו ווי אַ מענטש, און מיט ווערטער... האָב איך אים געמאַכט אין דער מאַמען אַריין. אַזוי, מיטן גאַנצן יחוס, אויפן שיינעם רוסיש. דער גאַנצער זאַל מענטשן האָט געלעקט די פינגער.

ווען נאָטקע האָט דערהערט מיין ברכה, האָט ער זיך געביטן אויפן פנים. דערנאָך האָט ער מיך אַרומגענומען און פאַר אַלעמען אין די אויגן זיך פונאַנדערגעוויינט. און נאָטקע קאָן וויינען, טאַקע ווי יענער קאָטער. ער האָט זיך אַ ביסל באַרויקט, זאָגט ער מיר:

— אוי, חיים, האָסטו מיר אַטכאַיעט. שוין זעכצן יאָר ניט געהערט קיין היימישן וואָרט...

כ'האָב אים אויסגערעדט:

— קומסט אין ארץ־ישראל, צו אייגענע, איז רייד ווערטער, מען זאָל זיי קאָנען קייען...

האָט ער זיך פאַרענטפערט, אַז דער טרעגער האָט געווונקען צו אים. מסתמא האָט געפעלט אַ פּאַפּירל אַרויסצוגיין דורכן מכס. אמת, ווי פאַר לוד, איז דער ברוך־הבא געווען אַ ביסל צו האַמעטנע, אָבער ס'מאַכט ניט. ס'איז גוט געווען. ער האָט דערשפּירט דיביינער.

*

צו מיר איז נאָטקע ניט אַריינגעפאָרן. ער האָט געזאָגט, אַז דער האָטעל איז באַצאָלט פאָרויס, דאַרף מען ניט שענקען. און מיין זהבה האָט צוגעגרייט אַ געלעגער אויפן קאַנאַפּע, ווי פאַר גראַף טישקעוויטש. האָב איך פאַר־בויגן דעם האָנאָר און אַוועק מיטן ווייב און די קינדער צו אים אין האָטעל.

און דער האָטעל איז טאַקע ווערט דאָס געלט, שיין, הויך, אויפן דיל טעפּעכער. עס גייט זיך דאָרט ווי אין וואָליקעס. איז מען געזעסן און גע־רעדט. צו קיין גרויסע זיבן זאַכן האָט מען זיך ניט דעררעדט. ער האָט דערציילט פון אַמעריקע, און איך האָב געוואָלט הערן תכלית. צי האָט ער דאָרט אַ לעבן, ווער קומט אַריין צו אים. צי זעט ער זיך מיט אַן אייגענעם מענטשן. זיצט ער גאָר און דערציילט מיר מעשיות פון פליגן־פּאַפּיר. דער־צו נאָך פאָרט ער מיט די אויגן איבער זהבהן, אַז מיר אַליין איז געוואָרן מאָדנע. דערנאָך רופט ער זיך אָפּ צו איר אַזוי:

— איר׳ט ניט געהאַט אַ מאָל קרובים אין ווילנע ?...

הער אַן איינפאַל. זהבהס זיידע האָט געהאַט אַ בשמים־קראָם ערגעץ אין אַ שטעטל נעבן גרויסן מדבר, און יענע וויסן אַפילו ניט, ווו ווילנע ליגט, פרעגט ער איר וועגן קרובים דאָרט.

און נאָטקע דאָס זייניקע:

— אָבער איר זייט ווי צוויי טראָפּן וואַסער ענלעך צו טייבקען, איסר דעם לאַבוקס אַ מיידל...

האָט אים זהבה נאָכגעגעבן:

— ווילנע, תימן, וואָס איז דער אונטערשייד ? אַלע זענען מיר קרובים. אַניט, ווי וואָלט געוואָרן אַ מדינה ?..

איז זי אויך גערעכט.

*

נאָטקע איז אַוועקגעפאָרן אויף עטלעכע טעג זען ארץ־ישראל. מען האָט זיי, די טוריסטן, אַרומגעשלעפּט אין ירושלים, צפת, קיין אילת. ווו ניט ? ער איז געקומען צופאָרן, האָט ער געהאַט גומענע פיס. כ׳פרעג אים — וואָס האָסטו געזען ? — ענטפערט ער — וואָס ניט ? אַלץ ! די פלאָטקעס פון ים־סוף, די ירושלימער וועלדער, און ווו דוד המלך האָט געזוכט פון שאולן אַ מאַלינע, און מאָרגן פירט מען זיי...

דאָ האָב איך שוין מער ניט אויסגעהאַלטן און זיך צעשריען:

— און מענטשן האָסטו שוין געזען? דיינע אייגענע פריינד האָסטו געזען?

האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן.

— קומסט צו פאָרן אין אַ לאַנד, ווו ס׳איז דאָ צו עפּענען אפשר פופציק טירן, שלעפּסטו זיך גאָר אַרום קוקן אויף שטיינער...

נאָטקע האָט זיך געפּרווט פאַרענטפערן:

— אָבער אַזוי איז דער פּראָגראַם, באַצאָלט פאַרויס...

און איך שריי ווייטער:

— וואָס פּראָגראַם, ווען פּראָגראַם? דו אַרבעטסט אין אַ צירק?...

אַזוי האָב איך אים אָפּגעצוואָגן און אַוועק. וואָס זאָל איך זיך גיין פאַרנעמען מיט אים, אַז יענער איז געוואָרן אין אַמעריקע אַ ביסל אויסגעוועפּט.

*

אין אַ פּאָר טעג אַרום קום איך איין מאָל פון דער אַרבעט אַהיים, טרעף איך נאָטקען זיצן ביים טיש און עסן מיין זהבהס אַ חומוס. כ׳האָב זיך צוגעזעצט צו אים, ווי קיין מאָל גאָרניט, און אַזוי האָבן מירביידע, אָן איין וואָרט, אויסגעטרונקען אַ האַלבע פלעשל. זהבה מיט די קינדער זענען אַרויסגעגאַנגען ערגעץ און מיר זענען געבליבן זיצן איינער קעגן אַנדערן, ווי צוויי הענער. לסוף האָב איך אים געפרעגט:

— נו, וואָס איז איצטער דיין פּראָגראַם?...

ענטפערט ער:

— שלאָפן ביי דיר אויפן קאַנאַפּע...

האָבן מיר געענדיקט דאָס פלעשל, און ער איז אַוועק זיך אויסציען.

*

איצט האָב איך אים גענומען ווייזן דאָס לאַנד. כ׳האָב געמאָלדן דעם באַלעבאָס, אַז אַ פּאָר טעג וועל איך ניט קומען צו דער אַרבעט. דערנאָך האָב איך גענומען מיין נאָטעלען און מיר האָבן אָנגעהויבן פאָרן. דעם ערשטן וויזיט האָבן מיר אָפּגעשטאַט ביי כאַצע דעם קעלבאַך אין חיפה. כאַצע אַרבעט אין פּאָרט. זיין שרהלע האָט אָנגעשטעלט פון כל־טוב, לינדזן מיט בולבענע קלאָצקעס, אין יעדער קלאָצקע פאַרגראָבן אַ גענדזענע גריוועגע. דערנאָך

האָט זי געגעבן אַ פריידיק מיט אַ פלוימען־צימעס. פון נאָטקען איז געג־גאַנגען אַ פּאַרע. יאָרן האָבן דאָס זיינע אויגן ניט געזען. פון דאָרטן זענען מיר אַוועקגעפאָרן קיין עכו, צו טעווקען. מיר האָבן אים ניט געפונען אין שטוב. זיין ווייב האָט דערציילט, אַז ער האָט אויף זיך אַ שטיקל משפּט. ס׳איז אַ מעשה מיט געשמוגלטע סחורה. זיצט ער אַ ביסל. וואַרטן לוינט ניט — האָט זיין ווייב געזאָגט — ס׳איז ניט אַ מעשה פון היינט אויף מאָרגן; אָבער אַזוי ווי זי פאָרט קיין רמלה אים ברענגען אַ פּאַדאַיאַנקע, וועט זי שוין אָפּגעבן אויך אַ גרוס.

איך האָב זיך תמיד געבעטן ביי טעווקען, ער זאָל אָפּלאָזן די געשעפטן. ס׳איז ניט דאָס אָרט, און ניט די צייט; אָבער גיי רייד מיט אַ בורילע. נאָטקע האָט זיך אויך געקרימט:

— מילא, עס טרעפט, מען איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש... אָבער דאָ, ביי זיך... ס׳איז ניט...

פון עכו זענען מיר אַוועקגעפאָרן צו זאַמקע די פּליגעלע. ער האָט אַ בענזין־סטאַציע נעבן נהריה, און פרעגלט אויך קאָטלעטן פאַר די שאָפערן. זאַמקע האָט ניט געוווסט וואָס צו טאָן מיט אונדז — איי און איי, און וואָס הייסט, און נאָך אַ ווײַלע. יענער האָט אונדז ניט געוואָלט אָפּלאָזן. ס׳האָט זיך געענדיקט אויף אַ ליטער מיט צובייסן. נאָטקען איז געגאַנגען טרערן פון די אויגן. דער קאָטער האָט זיך אין אים צעזרושעט. איצט ערשט האָט ער דערפילט דעם טעם פון אַ גלעזל מיט גוטע ברידער.

מיר האָבן זיך געוואָלט צוכאַפּן קיין צפת. דאָרט זיצט אַ מאָלער, אונדזערער אַ מענטש. אין וואַלד געווען, דערנאָך אין אַרמיי. ער כאַפּט אַריין אַ ווילנער, ציטערט ער אויף. מען דערמאָנט אים אַ גאַס, אַ הויף, טאַנצט ער פון פרייד; אָבער מיר זענען ניט געפאָרן. דער דזשיפּ איז געגאַנגען אין דער קרום. דאָס לעצטע גלעזל האָט מיך אַוועקגעהרגעט. נאָטקע האָט געוואָלט פירן, זענען מיר שיער ניט אַראָפּ פון שאָסיי. איך ווייס גאָרניט, ווי מיר זענען דערפאָרן אַהיים.

צומאָרגנס האָט מען געמאַכט אַ קליינעם טרונק זיך אויסצוטשוכען. דערנאָך גיב איך אַ פרעג מיין גאַסט:

— דו ביסט אַ בעלן צו זען ווי זאַמעלע מיט קיווקען, צוויי טרעגער פון זאַוואַלנע גאַס, גראָבן דעם נגב פון איין ברעג ביזן אַנדערן?...

בקיצור, מ׳האָט זיך אָנגעטאָן און אַוועקגעפאָרן קיין באר־שבע. אויפן

וועג האָט נאָטקע געמאַכט בילדער מיט זיין פאָטאָ־אַפּאַראַט. אַלע ווילע האָט ער געפרעגט, וואָס איז דאָס, און וואָס איז יענץ. דער בנין, יענער בנין, כ׳האָב פון אים קיין רו ניט געהאַט. ער האָט מיר אַזוי לאַנג געהאַקט אין קאָפּ אַריין, ביז כ׳האָב אויף אים אָנגעשריען:

— וואָס פרעגסטו? דו זעסט ניט, אַז מען דרייט דאָ איבער אַ וועלט? און דאָס מאַכן אַלץ יידן, פון אַלע קאָלירן...

אין באר־שבע האָבן מיר געטראָפן ניט נאָר זאַמעלען מיט קיווקען. אויך דער אינזשיניער ברוידאָ איז דאָרט געווען. ער האָט געוווינט אַ מאָל אויף סאַדאָווע. ברוידאָ האָט צעוואָרפן אַ ביסל ווילנער איבערן נגב. פון זיין האַנט אַרבעט זוסקע דעם פאַבריקמאַכערס אַ פלימעניק ביים גראָבן נאַפט, און נאָך עטלעכע היימישע ייִנגלעך אין דער עלעקטראָסטאַציע.

מיר האָבן אַלע זייער גוט פאַרבראַכט, כאָטש אָן בראַנפן. צוליב ברוידאָן. נאָטקע האָט אויסגעפרעגט וועגן דער גאַנצער געגנט, און וואָס פאַר אַ ביזנעס מיינט מען דאָ איינצושטעלן. און, בכלל, צי וועט מען אַרויס־נעמען אַ מאָל, וואָס מען לייגט דאָ אַ־ריין. ברוידאָ האָט אים אַלץ גענוי דער־קלערט. זאַמעלע מיט קיווקען האָבן אונטערגעהאָלפן. נאָטקע האָט זיך ניט געלאָזט אַזוי גיך איבערצייגן. ער האָט געטענהט, אַז ווי פאַר אים, איז דאָ אַ ביסל צו פיל זאַמד. ווייס ער ניט, ווי וועט זיין ווייטער, און צי וואָלט ניט געלוינט דאָס גאַנצע אַריבערטראָגן ערגעץ אַנדערשווו. זאַמעלע, אַ פאַר־ליבטער אינעם נגב, האָט זיך זייער צעקאָכט און אַריינגעזאָגט נאָטקען, אַז יענער ווייס ניט ווער ס׳האָט אים צעדריבלט די שקאַרפּעטקע, ווייל אויף וויסן וואָס דאָ טוט זיך, מוז מען זיצן אינעווייניק, און ניט אין אַמעריקע. ס׳וואָלט געקומען צו נאָך אַ הייסערן איבעררייד, ווען ניט אינזשיניער ברוידאָ. ער האָט באַרויקט נאָטקען, אַז איידער מען האָט זיך גענומען דאָ בויען און גראָבן, האָט מען אַלץ געגוי איבערגערעכנט. אויסער דעם, האָט ברוידאָ צוגעגעבן, איז דאָס האָבן מיר, און ניט עפּעס אַנדערש. פון דעסט־וועגן איז מען זיך צעגאַנגען גאָר פריינטלעך. איך האָב אַלעמען אָנגעזאָגט, אַז קומענדיקע וואָך, דינסטיק, טרעפן זיך אַלע ביי מיר. מ׳וועט זיך געזעג־גענען מיט נאָטקען.

אויפן וועג צוריק האָט זיך נאָטקע פונאַנדערגעלאָזט — ביי אונדז אין אַמעריקע... אָבער כ׳האָב אויף אים געגעבן אַ הוקע, ער זאָל אויפהערן דערציילן פרעמדע ניסים, און ס׳איז געוואָרן רויק.

*

פרייטיק־צו־נאַכט האָט זיך עפּעס ניט געמאַכט קיין געסט. נאָטקע איז געזעסן זייער פאַרקלערט. כ׳פרעג אים, וואָס ער וויל אויסטראַכטן, ענט־פערט ער מיר, אַז ער טראַכט ניט. ס׳איז אים בלויז אַ ביסל אומעטיק אויפן האַרצן. דאָ האָט זיך אַריינגעמישט מיין זהבה און אים אויסגערעדט:

— שבת איז מען ניט אומעטיק. ווי נאָך, ברוך השם, אַז מען זיצט ביי אַ טיש מיט ידידים, וואָס קאָן זיין פריילעכער ?...

רופט זיך אָן נאָטקע:

— כ׳האָב זיך פאַרבענקט אַהיים...

— וואָס איז דער בענקען נאָך די פיר ווענט ? — פרעגט אים זהבה — מילא, אַז מען לאָזט איבער אַ ווייב, קינדער, איז נאָך צו פאַרשטיין, אָבער אַזוי...

דאָ גיט נאָטקע אַ בורטשע:

— כ׳האָב זיך פאַרבענקט נאָך ווילנע...

ווען מען לייגט מיר אונטער פייער, וואָלט עס מיך ניט אַזוי אונטער־געהויבן. כ׳האָב זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים:

— ווילנע... זיך דערמאָנט... אַ יאַטקענער הונט האָט אַ בודע, אַזוי האָסטו דאָרט אַ היים. אויס ווילנע... געענדיקט...

..אַזוי ווי כ׳האָב דאָס אויסגערעדט, איז מיר דורך אַ שוידער איבערן לייב. אַז מען פאַרגעסט אַמאָל וועגן אונדזער אומגליק, קלאַפּט נאָך אָן אַ דער. מען האָט נאָך פאַר די אויגן אַ באַקאַנטן מויער, אַ נאָענטן פּנים, אָבער איצט, ווען כ׳האָב געשריִען אויף נאָטקען, האָט מיר אַליין אַ שטאָך געגעבן אין האַרצן. ס׳איז דאָך טאַקע אויס...

זענען מיר ביידע, איך און נאָטקע, געבליבן זיצן פאַרגראָבן אין זיך. מ׳ט אַ מאָל רופט זיך אָפּ זהבה:

— מיין זיידע, זכרונו לברכה, פלעגט אונדז לערנען, אַז עצבות איז עבודה־זרה. אָט, דערמאָנט זיך וועגן ווילנע, וועט איך ביידן ווערן לייכ־טער. מיר, תימנער, האָבן אַ ווערטל — זכרונות זענען ווי פּערל. זייער אָפּשיין וואַרעמט די נשמה. איך אַליין האָב אויך ליב צו הערן וועגן אָט דער שטאָט. חיים האָט מיר אַזוי פיל דערציילט וועגן איר...

ס׳איז אמת געווען. אַמאָל נאָך, חתנווייז, פלעג איך קאָנען אָפּזיצן מיט

איר אונטן און דערציילן איר פון דעם פאַרגאַנגענעם. זי האָט זיך תמיד זייער איבערגענומען מיט דעם. אפשר דערפאַר איז זי מיר נאָענט געוואָרן פון דער ערשטער רגע, כאָטש זי איז פון אַן אַנדער שבט. וועלנדיק אונדז אַרויסציִען פון אונדזער דערשלאָגנקייט, האָט זי מיט אַ שמייכל געבעטן:

— חיים, דערצייל וועגן איסערסאָנען דעם משוגענעם, דערצייל ווי ער האָט באַגאָסן זיין גאָרטן אין אַ שלאַקסרעגן...

און זהבה האָט אָנגעהויבן דערמאָנען גאַסן און מענטשן. נאָטקע איז געוואָרן אַ פאַרביטענער. ער האָט איר געקוקט אין מויל אַריין. איך האָב איר אונטערגעהאָלפן און ס׳איז אַוועק אַ גערייד וועגן אַזעלכע טיפן און פּלעצער אין ווילנע, וואָס נאָטקע האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן זייערע נעמען. איך אַליין האָב זיך אויך געוווּנדערט ווי ביי זהבהן אין קאָפּ איז דאָס אַלץ געלעגן באַהאַלטן, ווי אין אַ באַשלאָגענעם קופער, און איצט האָט זי געצויגן פון דאָרט פאַרביקע, וואַרעמע פּרטים פון אַ פאַרשניטענער שטאָט.

אין יענעם פרייטיק־צו־נאַכט האָבן מיר אַ שטיק יוגנט אונדזערע צוריקגערופן צום לעבן, און ביי זהבהן האָבן די שוואַרצע אויגן געברענט מיט אַ בשותפותדיקן פייער, אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַמאָל דערביי. כ׳האָב זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן, ניט צוצוגיין צו איר, זי צודריקן צו זיך און אַ קוש טאָן אין קאָפּ. אויף אַ רגע האָב איך זיך דערמאָנט מיין ערשטע, בחורישע ליבע, אסתרקען, נאָכקע דעם זערבעלעס שוועסטער, פון די שענסטע מיידלעך אויף שניפּעשיק. זהבה וויס וועגן איר, זי וויס אויך, אַז אסתרקע איז אַוועק אויף פאַנאַר.

אַזוי האָבן מיר זיך ניט אַרומגעקוקט, ווי די נאַכט איז אַוועק און מיט איר אַ שפּאָר ביסל בראָנפן. צומאָרגנס אינדערפרי רופט מיך נאָטקע אָפּ אין אַ זייט און גיט מיר אַ שושקע:

— ווייסט, חיים, ווען דו קאָנסט מיר באַזאָרגן אַזאַ פּרויענצימער, ווי דיין זהבה, כ׳וואָלט איר גענומען קיין אַמעריקע, ס׳עט איר ניט פעלן פון קיין פייגלמילך. אפשר האָט זי אַ שוועסטער, אַ קרובה, גיב אַ רייד מיט איר; אַז דיין ווייב האָט זיך געקאָנט אַזוי מגייר זיין אויף ווילנע, איז דאָך, ווי יענער זאָגט...

כ׳האָב עס דערציילט זהבהן, האָט זי געלאַכט:

— זאָג דיין חבר, אַז אַ תימנקע פאָרט ניט אין דער פרעמד. זאָל ער קומען אַהער, וועט מען אים ריידן דעם בעסטן שידוך אין כרם התימנים.

נאָך הבדלה האָט נאָטקע אויסגעגאָסן פאַר מיר זיין האַרץ. ער פאַר־דינט טאַקע גרויס. ס׳האָט זיך אים איצט געמאַכט עטלעכע געניצטע שיפן; אָבער וואָס איז דערפון, אַז ער זיצט ערגעץ אויפן ראָג קאַנאַדע, אין דר׳ערד אויפן דעק, איינער אַליין. חתונה האָבן איז ניט קיין קונץ, אָבער מיט וועמען אויסצוריידן אַ וואָרט וועט ניט זיין. ס׳איז דאָך אַלץ פרעמדע יופּערים.

האָב איך איינגעטענהט מיט אים:

— איז קום צו אונדז, וועסט דאָ אָפּלעבן.

הייבט ער שוין ווידער די פּלייצע און קרימט זיך:

— יאָ, אָבער די געשעפטן. ווי לאָזט מען דאָס אַלץ איבער. און צווייטנס — ס׳איז פאָרט אַמעריקע.

נו, אַז ער האָט אַזוי גערעדט, האָב איך אים געזאָגט, אַז ער זאָל ווערן געהרגעט און קויפן געלע שיך אויף פּסח. וואָס וועל איך גיין אויפעסן דאָס האַרץ אויף אים, אַז יענער וויל אַ וואַרעמען פּרעסטל?

*

ווער איז ניט געקומען זיך געזעגענען מיט נאָטקען? פון אין דער פרי האָבן זיך אָנגעהויבן לאָזן געסט פון אַלע עקן מדינה, אַפילו זאַמעלע מיט קיווקען זענען פון באר־שבע געקומען. ס׳האָט זיך געטומלט און גערודערט. מ׳האָט ניט געקאָנט דערגיין צו אַ לאַד. זהבה האָט מאָביליזירט אַלע ווייבער, און ס׳איז אַוועק אַ גאַנג. מען האָט געטראָגן צום טיש גאַנצע קעפּ. מיך ווייב האָט אויסגעקאָכט אַ ביסל ווילנער מאַכלים. די רעצעפּטן האָט זי גענומען פון אונדזערע היימישע באַלעבאָסטעס. זהבה האָט צוגעגרייט אפשר אַ באַלייע מיט קישקע, אויסער טעפּ הינערשע פּופּיקעס, בעקנס פּעטשאַ, אַ טשוגון אייטער, און ספּעציעל פאַרן גאַסט אַ רעטשישניקל. וועגן בראָנפן רעדט מען ניט. נאָטקע איז געזעסן ווי אַ חתן־בחור און געקלאַפּט מיט אַלעמען ס׳גלעזל. מ׳האָט זיך דערציילט מעשיות, זיך דערמאָנט אַלע לעכער, ווו מ׳איז אויסגעוועזן — דער אין קריג, יענער אין וואַלד. אויך פון די לאַגערן איז געווען אַ רייד. ס׳איז דען פאַראַן אַ ווילנער, וואָס איז אַרויס טרוקן?

דאָ האָט עמעץ דערמאָנט הירשלען, מלך דעם וואָסאָוניקס בחור. נאָטקע איז אויפגעשפּרונגען:

— הירשקע איז אין לאַנד און איר האָט מיר גאָרניט געזאָגט? מיר האָבן זיך דאָך צוזאַמען אויפגעהאַדעוועט. ווו קען מען אים זען?

אַלע האָבן געפּלאַצט פון געלעכטער. און ס׳איז געווען פון וואָס צו לאַכן. נאָטקע האָט געמיינט, אַז ס׳איז אַמאָליקע יאָרן. צו הירשקען צוקו־מען, איז ווי צום קיסר. ער זיצט אין משרד הבטחון, אין קריה. יענער איז אַ גרויסער נאַטשאַלניק, אַ פּאָלקאָווניק מיט עפּאָלעטן. כאָטש וואָס איז דער וווּנדער? ער איז אַלעמאָל געווען אַ גראַמאָטנער יינגל, מיט שפּראַכן. הירשקע איז אַוועק פון ווילנע נאָך אַ מאָל, מיט די ערשטע חלוצים. דאָ הייסט ער שוין צבי און איז אַ סגן־אַלוף. קומט נאָטקע און וויל זיין מיט אים אַ מחותן.

אויסגעטרונקען איז מען געווען און מ׳האָט דאָך פאָרט געוואָלט באַ־ווייזן דעם גאַסט וועד עלטער איז, האָט מען אַ נעם געטאָן דעם דזשיפּ און זיך צוגעכאַפּט אין קריה. די גאַנצע מעשה האָט אויפגעדרייט אַפּרויקע דער הענדל. ער האָט אַלץ גענומען אויף זיך. האָט מען איבערגעלאָזט אויף אַ ווײַלע די געסט און מיר זענען זאַלבע דריט אַוועקגעפאָרן.

פאַרשטייט זיך, אַז אויבן, צו הירשלען, האָט מען אונדז ניט אַרויפגע־לאָזט. האָב איך זיך אַרויסגעשטעלט און געבעטן אָנמעלדן, אַז חיים זיסמאַן, נתן סאָלאָדוכין און אפרים גאָלדבערג ווילן זיך זען מיטן סגן־אלוף צבי. איז געקומען אַ תשובה, אַז סגן־אלוף צבי קען ניט אַזעלכע. דאָ האָט זיך אָפּגעריסן, אַזוי ווי פון אַ קאָטוך, אַפּרויקע, און אַ קריי געגעבן, אַז חיים דער בלעכער, נאָטקע דער קאָטער און אַפּרויקע דער הענדל — אַלץ שניפּע־שיקער, שטייען אונטן. ס׳האָט ניט געדויערט קיין מינוט האָט מען אונדז געעפנט אַלע טירן. מען האָט אַפילו די פּעסער ניט געפרעגט.

הירשל האָט זיך זייער געפרייט מיטן באַזוך. ער האָט געהייסן ברענ־גען קאַווע און מ׳האָט צוזאַמען פאַרבראַכט. נאָטקע האָט ניט געקאָנט אָפּ־רייסן די אויגן פון הירשלס פּאָסטאַווע. איך האָב אים געטאָרקעט פון הינטן: קוק, קוק אויף די עפּאָלעטן.. אַ גענעראַל... און אונדזערס אַ יינגל...

הירשל האָט פּאַדראָבנע אויסגעפרעגט נאָטקען ווי און וואָס, און בכלל. ער האָט אונדז דערמאָנט אַמאָליקע יאָרן. די טייערע יאָרן, ווען מ׳איז באַר־וועסע געלאָפן איבער די פליטן. און נאָטקע האָט אַרויסגענומען אַ נאָזטיכל, גרויס ווי אַ ליילעך, און שוין, עס רעגנט ווידער ביי אים. מ׳האָט נאָר שאַנדע געהאָט. אַ גליק נאָך, וואָס ס׳איז אַריין אַ סאָלדאַטקע און געגעבן

הירשלען אַ ווונק. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף זיך רירן. פּאָרט נאַטשאַלסטווע. הירשל האָט אונדז באַגלייט ביזן סאַמע טיר. אויפֿן וועג צוריק האָט נאָטקע פֿונאַנדערגענומען די הענט:

— נו, וואָס זאָל איך אייך זאָגן, קינדער, אַז מ׳האָט דאָס דערלעבט, איז דאָך טאַקע, ווי אין חומש שטייט...

דערנאָך האָט ער אַראָפּגעלאָזט אַ לעצטע טרער און געשוויגן ביזן סאַמע שטוב.

*

אַזוי איז נאָטקע אַוועקגעפֿאָרן. די לעצטע פּאָר טעג איז ער אַרומ־געגאַנגען ווי הינטער אַ וואַנט. וואָס ס׳האָט אים געגאָיעט, ווייס איך ניט. אפֿשר האָט ער זיך געהאַט איבערגעטרונקען. ווי ס׳זאָל ניט זיין, איז ער געווען זייער צעקנייטשט. כ׳האָב געפּרוווט כאַפּן מיט אים אַ וואָרט, האָט ער נאָר געבורטשעט. איז ניט, וואָס כ׳האָב געקאָנט, האָב איך געמאַכט. אַיי, יענער מיינט, אַז די וועלט איז אַ קיכעלע, און מען מוז דאָס אויפֿעסן אין גאַנצן, וואָס בין איך שולדיק? איך האָב פֿאַרשטאַנען וואָס אים קוועטשט. ביי אונדז איז פּאָרט אַ לעבן. ער האָט דאָך געזען.

קיין לוד האָב איך אים אַליין באַגלייט. אַזוי האָט ער געבעטן.

מיר זענען געשטאַנען ביים אַרויסגאַנג. נאָך אַ רגע און מען האָט גע־הייסן די פּאַסאַזשירן זיך קלייבן אין וועג. נאָטקע האָט פֿאַרבויגן אַ פּלייצע, מיר אָנגענומען פֿאַרביידע הענט און זיך פֿונאַנדערגעוויינט. איך אויך.

נאָטקעווישט אויס די אויגן, קוקט זיך אַרום און רופֿט זיך אָפּ צו מיר:

— וואָס זאָגסטו, חיים, אַ מדינה, אַ גאַנצער געשעפֿט...

כ׳האָב אים ניט געענטפֿערט. גענוג האָב איך אין אים אַריינגערעדט. ער קאָן זיצן דאָ, ווי מיר אַלע.

...אַוועקגעפֿאָרן נאָטקע.

# אינהאַלט

פון זעלבן מחבר:

דער וועג קיין סדום, ישראל־דערציילונגען.
פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1959.